Leyvik, H.
In di teg fun Iyov : dramatishe poeme.
[Nyu York], c1953.

BIBLIOGRAPHIC RECORD TARGET

YIVO INSTITUTE FOR JEWISH RESEARCH

Master negative Storage Number Y-2005- 1914.17

Leyvik, H.
In di teg fun Iyov : dramatishe poeme.
[Nyu York] : Tsiko bikher farlag, c1953.
Varying form of title: Title on page facing of t.p.: In the days of Job.
210 p. ; 24 cm.

1. Job (Biblical figure)--Drama. 2. Yiddish drama.--lcsh 3. Yiddish poetry.—lcsh.
I. United States-New York-New York.

ID : NXYH01-B12997 CC: 9114 DCF: [HBR]
CALL #: /43111

Reduction ratio x10.0

ה. לייוויק

# אין די טעג פון איוב

ה. לייוויק

# אין די טעג פון איוב

## דראַמאַטישע פּאָעמע אין זיבן בילדער





אַרויסגעגעבן דורכן ציקאָ־פֿאַרלאַג

ניו־יאָרק — 1953

# ה. לייוויק

# אין די טעג פון איוב

דראַמאַטישע פּאָעמע




**H. Leivick**

**IN THE DAYS OF JOB**

שער־בלאַט געצייכנט פון ש. ר אַ ס ק י ן



Printed in U. S. A.

Printed by
Grenich Printing Corp.
151 W. 25th St.
New York, N. Y.



התגלות, נעם מיך אונטער דיינע פֿליגל,
דעק אויף פֿאַר מיר די ווייכקייט וואָס אין שטיין,
די שטילקייט וואָס אין וויי־געוויין,
די אָפּנקייט אין צוגעהאַקטן ריגל.
נויג־צו מיין קאָפּ צום בלויען דעק פֿון וויגל,
וואו ס'ליגט מיין אייניקל און בלענדט מיט ווייסע ציין,
און דורך אַ וואונק, וואָס ער נאָר קאָן פֿאַרשטיין
שליס־אויף פֿאַר אים מיין גאַנצן לעבנס־עיגול.

צעשפּיגל זיינע יצחקדיקע אויגן,
און לאָמיר זען מיין אָפּבילד קלאָר אין זיי —
אַן אָפּשפּיגלונג דורך לויטערקייטן צווי.
התגלות, זיי דער גוטער רעגנבויגן
נאָך מבול־טעג — דער צייכן וואָס זאָגט צו
אַ נייע ערד מיט חסד און מיט רו.

וואָס עס איז פאָרגעקומען מ י ט איובן, ווי ער האָט אין זיינע יסורים געשריען צו גאָט, ווי ער האָט אין משך פון לאַנגע שעהן אויסגעטענהט זיך מיט זיינע דריי פריינד, און ווי נאָכדעם האָט גאָט אַליין אים געענטפערט אין שטורעם, — וועגן דעם ווערט גענוי דערציילט אין ספר „איוב". צו דעם קאָן קיינער מער גאָרנישט ניט צוגעבן. מען קאָן זיך באַנוצן נאָר מיט פסוקים אין זייער פאַרסיקיים.

אָבער וואָס איז פאָרגעקומען אַ ר ו ם איובן אונטער דער שליטה פון זיין דערשיטערנדיקן געשריי, — וועגן דעם ווערט אין ספר „איוב" נישט דערציילט.

***

דער מחבר פון דער דראַמאַטישער פּאָעמע, וואָס ווערט איר־בערגעבן איצט צום לייענער, פּרובירט, לפי כוחו, שילדערן ווי ער שטעלט זיך פאָר וואָס עס האָט זיך אָפּגעשפּילט אַ ר ו ם איובן. אייניקע תנ״כישע איוב־רייד ווערן געבראַכט נאָר ווען זיי זיינען, לויט דעם מחברס געפיל, אָרגאַניש נייטיק צו דער האַנדלונג. זיי ווערן געבראַכט פראַגמענטאַריש. פון גאָטס ענט־פער אין שטורעם ווערן געגעבן נאָר די ערשטע ניין־צען פסוקים. דער פאָרהאַנג לאָזט זיך דערביי אַרונטער. דער המשך פון גאָטס רייד גייט במילא אָן דאָרט וואו ער דאַרף אָנגיין. דער פאָרהאַנג הייבט זיך גלייך אויף צוריק פאַר דער ווייטערדיקער האַנדלונג.

די דראַמאַטישע פּאָעמע הייסט דעריבער „אין די טעג פון איוב", מיטן טראָפּ אויף א י ן ד י ט ע ג.

⁂

פֿאַרוואָס קומען אים די אומזיסטע יסורים? — האָט איוב אין זיין טויטלעכן צער געשריען צו גאָט;

און מיר פֿון היינט, אין פּיין פֿון די זעלבע יסורים, אַזוי ווי עס גייט אונדז אָן פ אַ ר ו ו אָ ס דער מענטש, פֿאַר זיך אַליין, ליידט, מאַטערט אונדז נאָך מער דער אופֿן ו ו י אַ ז ו י דער מענטש ליידט?

⁂

ווען דער מענטש שרייט גוואַלד און מאָנט גערעכטיקייט אין פּיין פֿון ז י י נ ע יסורים, — צי אַרט אים און צי שרייט ער אויך אַזוי שטאַרק אין פּיין פֿון אַ צ ו ו י י ט נ ס אומזיסטע יסורים? און צי הערט ער ניט גאַנץ אָפּט גלייך נאָכדעם גאָר אַליין אַ פ י י נ י ק ע ר?

⁂

צי ווערט דער מענטש ניט אויסגעלייזט ווערן פֿון זיין פּייניקן זיך מיט דער פֿראַגע פ אַ ר ו ו אָ ס ער ליידט דורך זיין אייגענעם אויסלייטערן דעם אופֿן ו ו י אַ ז ו י ער ליידט, — ווי אַזוי ער פֿאַרליידט די פּיין פֿון דעם צווייטן מענטשן אויף דער ג אָ ר ע ר וועלט?

⁂

גאָט געבן פֿול רשות דעם שטן אומצוברענגען איובס אַלע קינדער, פֿאַרברענגען זיינע אַלע גיטער און אים אַליין, דעם אַלטן איובן, זיין לייב, אַריינוואַרפֿן אין גרויל פֿון צרעת־וואונדן, — פֿאַרפֿאָלגט דעם מחבר זינט זיינע חדר־יאָרן; נאָך מער פֿאַרפֿאָלגט אים, זינט יענע יאָרן, דעם יונגן יצחקס גיין צו דער עקידה און זיין ליגן אויפֿן מזבח אין דערוואַרטונג געבראַכט צו ווערן פֿאַר אַ קרבן.

⁂

אין גמרא בבא בתרא, ט״ו, ווערט געזאָגט „ואימא, איוב בימי יצחק היה״ — ס׳קאָן געמאָלט זיין, אַז איוב איז געווען אין דער



צייט פֿון יצחקן. דאָס האָט געגעבן דעם מחבר אַ דערלויבטע מעגלעכקייט צו דערפֿילן אַ באַגער זיינעם, פֿון לאַנג אָן, צונויפֿברענגען יצחקן מיט איובן אונטער אַ שותּפֿותדיקן צייכן פֿון נסיון.

⁂

דעם מחבר האָט טיף פֿאַרכאַפּט די מימרא וועגן איובן אין פּסיקתא ר׳ מ״ז — „אמר ר׳ חנינא בר פפא: איוב אילו לא קרא תגר כשבאו עליו יסורין, — כשם שאומרים עכשו בתפילה אלהי־אברהם, אלהי־יצחק ואלהי־יעקב, כך היו אומרים ואלהי־איוב״. — ר׳ חנינא בר פפא האָט געזאָגט: ווען איוב, בשעת עס זיינען אים באַפֿאַלן די יסורים, וואָלט ניט אויפֿגעהייבן קיין גוואַלד־געשריי, איז אַזוי ווי מען זאָגט איצט אין תפילה: גאָט פֿון אברהם, פֿון יצחק און פֿון יעקב, וואָלט מען אויך געזאָגט: גאָט פֿון איוב.

⁂

אָבער איוב האָט יאָ אויפֿגעהייבן

ה. ל.

## פּערזאָנען:

אברהם
יצחק
איוב
שטן
איובס ווייב
יורם
תובל
אברהמס דריי פּאַסטעכער
אליפז
בלדד
צופר
דריי שליחים־קנעכט
דער אַקערער און זיין אייזל
דער קאַראַוואַנער און זיינע דריי קעמלען
רבקה
אליעזר
געשטאַלט פון יצחק
דער שעפּס פון יצחקס עקידה
קין און הבל
גאָטס קול
געשטאַלט פון שרה
אָנגעשטראָמטע מחנות אַרום איובס געצעלט:
קראַנקע, בלינדע, לאָמע, מצורעים.

---

האַנדלונג קומט פאָר אין דער צייט פון אברהם און יצחק, דריי יאָר נאָך יצחקס עקידה. — אויפן אַכטן טאָג נאָך איובס ליגן אַ געשלאָגענער מיט יסורים.

## ב י ל ד  א י י נ ס

(פלוינען אַרום באר־שבע, ניט ווייט פון אברהמס געצעלטן. דער שטן פאַרשטעלט פאַר אַ פאַסטעך־וואַנדערער).

**שטן :**

**די זון, באַשעפער פון דער וועלט, פאַרגייט שוין באַלד.**
**דער הייסער זאַמד ווערט אָפּגעקילטער. נעם מיין דאַנק**
**דערפאַר, באַשעפער. איבער בוים און דאָרנבוש**
**אַ מילדער ווינט צעשפרייט די פליגל זיינע, —**
**אַ גוטע רגע פאַר אַ וואַנדערער צו לייגן זיך,**
**צו אויסציען זיין גוף און רוען איבער נאַכט,**
**ווי ס'רוט דיין ערד ד ע ר ו ו י י ל, ווי ס'רוט דער טאָג,**
**וואָס האָט מיך פונעם נאָענטן אדום־לאַנד —**
**דאָס לאַנד פון דיין צעפייניקטן געפרואווטן איוב —**
**געבראַכט אַהער.**

(ציט זיך אויס אויף אַ שטיין אין דיין גאַנצער לענג. עס הערט זיך אַ בת־קול)

**קול :**

**גיי ווייטער אין דיין וואַנדערונג.**

**שטן :**

**ווי ווייט קאָן איך אַוועקוואַגלען פון איובס לאַנד ?**

**קול :**

**ווי ווייט דו ווילסט.**

**שטן:**

דערווייַלע וויל איך ניט צו ווייט.
ער ליגט דאָרטן אין זיינע גרויליקע יסורים,
וואָס איך האָב אָנגעטראָגן אויף זיין אבלדיקן גוף,
בהסכם מיט דיין רצון, שעפער פון דער וועלט;
כ׳האָב אויסגעפירט. כ׳האָב מיינס באַוויזן.
דאָס איבעריקע וועט פון זיך אַליין שוין קומען.
פונדעסטוועגן, אין די מינוטן, וויל איך דאָ נאָך זיין,
ווייל טאָמער דאַרפסטו מיך.

**קול:**

ניט נעם זיך צופיל איבער.

**שטן:**

איך טו עס דאָך פון דיינעטוועגן אַלץ, באַשעפער,
און ניט דערפאַר ווייל  כ ׳ ה אָ ב  עפּעס צום מענטש,
און ניט דערפאַר ווייל כ׳וויל אים גלאַט אַזוי זיך ווײַ טאָן.
דער מענטש איז מיר גאָר, אפשר, נאָענט און טייער,
ווי דו אַליין האָסט אים בשעתו אויסגעפורעמט
און פריי געלאָזט אים אין זיין פולער טבע.
וואָס מיר איז ניט צום האַרצן איז — זיין גאווה,
זיין זיכערקייט אין זיך און, אָפּט נאָך, זיין מחשבה
אַז דו אַליין אַנטפּלעקסט זיך גאָר צו אים.

**קול:**

זיין בענקשאַפט נאָך אַנטפּלעקונג איז זיין זכיה, —
זיין ברכה און זיין דאַנק פאַר אויסדערווילט צו זיין.

**שטן:**

איז אויך דער מאַן פון עוץ דיין אויסדערווילטער,
ווי דו האָסט אויסדערווילט אברהמען דאָ דערביי,
און יצחקן זיין זון — אין צייכן פון נסיון?

**קול:**

דער מאַן פון עוץ איז נאָך ניט אויסדערווילט.



כל זמן ער כאַפּט זיך ניט, אַז דו, דער שטן,
פאַרדרייסט אים אין אַ שפּיל, אָן תכלית, גלאַט אַזוי.

**שטן:**

(לאַכט צעפרידן)

ניט לייכט אַזוי וועט אים געראָטן מיך צו כאַפּן,
ווייל גראָד איז איוב מיר געפעלן, שטאַרק געפעלן,
און אַלץ אין מיר איז אויפגעטרייסלט. קאָן איך זאָגן,
פון אַלעם דעם וואָס איך האָב אָנגעשיקט אויף אים.
איך ווייס אַליין ניט ווי אַזוי איז עס געשען,
אַז דו, באַשעפער, זאָלסט זיין גוטן נאָמען
אַרויפּברענגען, ווי דורך אַ צופאַל, ווי אַ משל נאָר,
און מיך זאָל דורכנעמען אַזאַ צעגליטער חשק
אַז ער, אין זיין אָן-ספקדיקער אומשולד,
זאָל ווערן דער געגזרטער קרבן אויף מיין פייער.
כ׳זאָג דריי מאָל — פייער, פייער, פייער — — —
און כ׳זאָג אַ פערטן מאָל אַז איוב איז מיר שטאַרק געפעלן.

**קול:**

ס׳איז ניט לטובה איובן וואָס ער געפעלט דיר.

**שטן:**

וואָלט בעסער זיין ווען איך זאָל אים פאַראַכטן,
ווי איך פאַראַכט, למשל, דיין אברהמען און דיין יצחקן?

**קול:**

פאַראַכסט זיי ווייל אויף זיי האָסטו קיין שליטה ניט,
דעריבער ביסטו ווי אַ שלאַנג וואָס שפּייט מיט גיפט
אויף זיי.

**שטן:**

פאַרוואָס אַזוי באַליידיקן מיין כבוד?
צי איז מיין כבוד אויך ניט דיינער, בורא עולם?

און אויסער דעם, פאַרוואָס זאָל זיין אַ שלאַנג אַן אומכבוד ?
צי זי, די שלאַנג, איז ניט פון דיר באַשאַפן ?

**קול :**

לאָז איבער פאַר דער שלאַנג צו טענה'ן אירע טענות.
און דו — וואָס דיר געפעלט צו זיין אַן אַנרייצער פון מענטש
צוליב קיין אַנדער זאַך ווי נאָר צוליב דיין לוסט נאָך שפּיל,
מעגסט וויסן אַז מיט אַלע שפּילן דיינע נאַרסטו זיך אַליין. —
דיין אמתע באַשערטקייט איז, אין תוך, דעם מענטש צו דינען.

**שטן :**

(מיט שטוינונג)

אפילו ווען איך שלאָג אים און פאַרוואַרף אים מיט יסורים ?

**קול :**

ערשט דעמאָלט דינסטו אים צו נוץ, צו גרויסקייט, —
ווייל ווען דו מיינסט אַז דו באַליידיקסט אים, — דערהייבסטו אים.
איך לאָז דיך פריי אַרומגיין צווישן מענטשן
און אויך אַריינדרינגען אין טיפעניש פון זייער האַרץ,
ווי פריי איך לאָז דעם מענטש אַליין אין זיינע וועגן
אַז ער אַליין זאָל זיין דער אויסקלייבער פון זיינע מעשים,
און ער אַליין זאָל דיך אין זיך דערקענען,
און ער אַליין זאָל זיך פון דיר באַפרייען.
דער מאַן פון עוץ האָט דיך דערווייל נאָך ניט דערקענט.

**שטן :**

ניט לייכט וועט אים געראָטן צו דערקענען מיך,
ווייל דו אַליין האָסט אים דאָך אָפּגעגעבן
אין מיינע הענט אויף פול רשות, אויף גאַנץ רשות.
איך זיך ניט ווייט דאָ פון באר-שבע, אָבער אין דער אמתן —
זאָל דוכטן אַז איך שטיי איצט פאַר דיין כסא־הכבוד
אויפסניי, מיט אַלע דיינע שרפים און מלאכים,



און כ'גיב דיר אָפּ אַ חשבון פון מיין אויפטו, —
כ'זאָג דריי מאָל : — אויפטו, אויפטו, אויפטו.

(לאַכט שאַרף).

**קול :**

שטיל איין דיין בייז געלעכטער.

**שטן :**

צי האָסטו מיר ניט איינגעטיילט אין דיין גענאָד
די פרייהייט פון געלעכטער ?

**קול :**

אָבער ניט פון שפּאָט.

**שטן :**

ווי ווייט איז פון געלעכטער שפּאָט ? — איין האָר.
פאַרגינן זשע מיר אַמאָל די האָר צו איבערטרעטן,
בפרט אין רגעס ווען מיין שפּיל ווערט מיר דערווידער.
אָט ווערט דיין קול אינגאַנצן גאָר אַנטשוויגן מיטאַמאָל.

(פויזע)

איך הער ניט מער דיין קול צו מיר. איך הער ניט.
צי מיינט עס, אַז מיין עסקן זיך היינט מיט איובס גורל
פאַרמאָגט אין זיך קיין שפּור אפילו ניט פון יענע רגעס,
זוען דו אַליין האָסט זיך געשפּילט מיט יצחקס גורל ?
צי מיינט עס, אַז צו שפּילן זיך מיט איינעמס האַלדז —
צו שרעקן מיט אַ מעסער, איז אַן איידעלערע שפּיל
ווי נעמען אַ געזונטן גוף און אים צעקרעציקן ?

(פויזע).

כאָטש איך אַליין בין גורם איובס ליידן,
פונדעסטוועגן פאַרמאַך איך ניט די אויגן פון צו זען
ווי גרויליק-נעבעכדיק ס'קוקט אויס אַ מענטשנס לייב
ווען ס'ווערט אַריינגעוואָרפן אין די קלאַמערן פון פּיין,

און מער נאָך גרויליק איז צו זען אַ מענטשנס פּנים
פאַרדריים, פאַרקרימט אין וואונדיקער צעריסנקייט,
ווי ס'איז אין די־אַ שעהן איובס פּנים.
איך האָף, באַשעפער, אַז דו שאַצסט געהעריק אָפּ
וואָס איך באַמערק עס, און עס אַרגערט מיך שטאַרק.

(פּויזע).

ער ליגט אויף זיינע חורבות, אינעם שוואַרצן אַש
פון זיינע אָפּגעברענטע גיטער, אין אבלות
נאָך אַלע זיינע אומגעבראַכטע זין און טעכטער,
און איבער אים זיין פרוי, פון צער משוגע,
שוין זיבן טעג און נעכט אַז זי פאַריאָמערט אים דאָס האַרץ;
און ער — דיין צדיק, דער צעפּייניקטער — זיין האַרץ
גייט אַלץ נאָך אויס אין גלוסטעניש נאָך דיר.
ער ליגט. די ליפּן צוגעהאַקט. ער שווייגט.
זיין שווייגעניש איז וואויל געפעלן דאָך אין דיינע אויגן.
פונדעסטוועגן וואָלט איך פאַרבליבן נאַר אויף אייביק,
ווען איוב זאָל אויך די יסורים שטום פאַרטראָגן, —
די וואונדן, די צרעת, די געשווירן אויף זיין לייב
און ניט אַרויסטרעטן מיט קיין שום טענה קעגן דיר
פאַר נעמען און צעיאָטערן אַ שיין און איידל פּנים,
פאַרוואַנדלען עס אין אַ צעקרעציקטער פאַרזעעניש
אַז עקלען זאָל פון דעם אויף מיילן ווייט.
כ'בין פול מיט אומגעדולד זיין יאָמער צו דערהערן.

(פּויזע).

אויך דו אַליין ביסט נאָך אין זיך ניט זיכער, —
איך זאָג עס דיר, באַשעפער פון דער וועלט. יאָ, יאָ.
דו זוכסט אַליין נאָך פאַר דיין אייביקייט אַ ראיה
אויף אָט דער ערד, וואָס דו האָסט ערשט באַשאַפן.
און וואו, אין וועמען זוכסטו עס? — אין גיטער אין פאַרברענטע,
אין לעבנס טויט־פאַרשניטענע, אין וואונדן, אין יסורים,
אין קרבן־העלדזער יצחקשע, אין אויסגעשטרעקטע,



אין קראַנקע שוואַכע אברים, אין צעלאָמטע, —
אין איובן אָט דעם, וואָס רייסט די הויט פון זיך
מיט שאַרפע קאַרבן פון אַ שערבל.
דער מאַכטיקסטער זוכט תיקון אינעם שוואַכסטן,
דער בורא וויל זיך מאַכן אייביק דורך אַ שערבל. —
כ'זאָג דריי מאָל — שערבל, שערבל, שערבל!

(לאַכט שאַרף און הילכיק).

אַז דו ביסט ניט איך,
צי בין איך דו? —
ביסט פאַראַן אומעטום,
און איך בין — וואו?

דו לעבסט אין מיר
אין טרויער אָט־דאָ;
אַז דו ביסט פאַראַן —
בין איך ניטאָ?

איך פאָלג דיך אין אַלץ,
דיין שליחות איך טו,
אָט קומט אָן די נאַכט
און דעקט מיך צו.

צי דאָס וואָס איך זוך
איז מער ניט ווי רו?
אַז דו ביסט ניט איך —
ווי קאָן איך זיין דו?

מיין גאָט, מיין גאָט,
מיין טרויער שטיל איין, —
אַז דו ביסט פאַראַן,
ווי קאָן איך נ י ט זיין.

(ליגט אויסגעליגט צווישן שטיינער. עס קומען אָן אברהמס
דריי פּאַסטעכער)

**ערשטער:**

מיר מוזן איילן ווייטער.

**צווייטער:**

איילן מיר דאָך.

**דריטער:**

די סטאַדעס וועלן ניט אַנטלויפן.

**צווייטער:**

זיי זיינען ניט אַליין. מיר מעגן אָפּרוען.

**ערשטער:**

מיר דאַרפן מורא האָבן פאַרן שטילן צאָרן
פון אונדזער האַר אברהם.

**צווייטער:**

צי זאָלן מיר זיין שולדיק פאַר אַ מינדסטן שעפּס
וואָס רייסט זיך אָפּ און ווערט פאַרפאַלן וואו? —
אָט לויפן מיר אַרום און זוכן, זוכן. —

**דריטער:**

צי קאָנען מיר זיין שולדיק ווען פון יעדער זייט
איז גרייט דער ווילדער שפּרונג פון אַ פאַרצוקער,
דערצו ווען דאַרשט באַפאַלט די לעמער אונדזערע
אין יעדער רגע ווען מיר לאָזן זיך אַוועק מיט זיי
צו־ווייט פון אונדזערע געציילטע ברונעמער.

**דריטער:**

שוין היינט דער דריטער שעפּס וואָס מיר פאַרלירן.

(שטויסט זיך אָן אין דעם פרעמדן)

ווער ליגט דאָ?



**שטן:**

ניט קיין שעפּס.

**ערשטער:**

ווער ליגט דאָ? — פרעג איך.

**שטן:**

אָן מורא, ברידער. פריד צו אייך.

**ערשטער:**

פון וואַנען קומט דער האַר?

**שטן:**

פון אומשפּאַצירן איבער גאָר דער ערד
און איבער אַלע אירע וועגן.

**צווייטער:**

קלוג געזאָגט.

**דריטער:**

אַביסל צו קלוג פאַר אַן ענטפער, האַר.
און מיר — מיר זיינען פּראָסטע פּאַסטעכער.

**שטן:**

צי זעט איר ניט אַז איך בין אויך אַ פּאַסטעך?
איך זוך אַ האַר וואָס זאָל מיר אַנטרויען אַ סטאַדע.
איך קום פון עוץ.

**אַלע דריי:**

(מיט גרויס נייגער)

פון עוץ?

**שטן:**

פאַרוואָס אַזאַ דערשרעק אין אייער קול?

**דריטער:**

שוין היינט געווען ביי אונדז אַ מאַן פון אָט דעם אָרט
און אָנגעוואָרפן אויף אונדז אַלעמען אַ פּחד, —

דערציילט אַ מעשה-נורא וואָס עס האָט געטראָפן
מיט איינעם פון די רייכסטע לייט ביי אייך אין לאַנד.

**שמן :**

דער איינער — ניט נאָר פון די רייכסטע לייט,
נאָר אויך דער ערלעכסטער, דער פרימסטער און דער בעסטער.

**אַלע דריי :**

איז טאַקע אמת ?

**שמן :**

אַלץ איז אמת. אַלץ.
און איך בין איינער פון זיין מחנה פאַסטעכער,
דער איינציקער וואָס האָט זיך קוים געראַטעוועט
פון שוואַרצן אומגליק, וואָס איז ערשט אַן אָנהייב.

**ערשטער :**

וואָס מיינט דער אורח ? — וועלכער אָנהייב ?

**שמן :**

איך בעט אייך : פרעגט ניט, פרעגט ניט.
איך ווייס נאָר איינס — יסורים רייסן זיך צו שטורעם.

**דריטער :**

רעד קלאָר און שרעק אונדז ניט מיט פּחדים.

**שמן :**

איך זאָג דאָך אייך — יסורים גרויסע קומען,
און אַלע דאַרפן זוכן רעטונג און אַנטרינונג.
כ׳בין עלנד און איך וואַנדער און איך וואָגל ;
דערנענטערט מיך צו זיך, אַ גוטע ברידער,
פאַרוואַרפט פאַר מיר אַ וואָרט פון חן צו אייער האַר.

**דריטער :**

צי ווייס דער וואַנדערער, אַז אויב ער וויל
געפינען לייטזעליקייט ביי אונדזער האַר,



באַדאַרף ער, דורך אַן אבר פון זיין לייב,
אַ בונד פאַרשניידן אויך מיט גאָט פון אונדזער האַר ?

**שמן :**

ווער איז אַזוינס דער גאָט פון אייער האַר ?

**דריטער :**

אויך אונדזער גאָט איז ער. צו אונדזער האַר
האָט ער זיך מערער מאָל אַנטפּלעקט ווי אויף דער וואָר,
און אים געבענטשט. אויך אונדז געבענטשט.

**שמן :**

געבענטשט — מיט וואָס ?

**דריטער :**

מיט אויסדערווײלטקייט.

**שמן :**

האָט ער די אויסדערווײלטקייט אויך אַרייַנגעשניטן אייך אין לייב ?

**צווייטער :**

דער אורח רעדט מיט חכמה, צי מיט שפּאַס ?

**שמן :**

גראָד היינט בין איך ניט אויסן קיין שום שפּאַס.

**ערשטער :**

וואָס אַנדערש איז דער אורח אויסן מיט זיין פרעגן ?
צי טוט ער ניט פאַרדעקן וואָס מיט גלאַטע רייד ?
דעם אורחס אויגן בליצן אַזוי מאָדנע.

**שמן :**

שוין לאַנג אַז ער האָט אייער לייב באַשניטן ?

**צווייטער :**

שוין יאָרן.

**שטן :**
איז אייך גוט אין דער באַשניטנקייט ?

**ערשטער :**
אַזוינע ווילדע שאלות פרעגט ער. — ענטפער ניט.

**צווייטער :**
פאַרוואָס ניט ענטפערן ? — אין אונדזער טרייקייט
צום איינאונאיינציקן באַשעפער איז אונדז גוט.

**שטן :**
און דאָס וואָס אייער האַר איז האַר און צאָרנט ?

**צווייטער :**
מיר האָבן ליב די רינדער און דאָס שאָף,
מיר האָבן ליב די ערד, דאָס גראָז, דאָס וואַסער,
און אונדזער האַר איז אויך ניט מער ווי ערד און גראָז,
און אַלע זיינען מיר אין גוטער שוץ פון גאָט.

**שטן :**
איך זע צום ערשטן מאָל אַזוינע קלוגע פאַסטעכער.
ווי הייסט ער — אייער האַר ?

**ערשטער :**
מען דאַרף ניט ענטפערן.

**צווייטער :**
פאַרוואָס ניט ענטפערן ? — אברהם איז זיין נאָמען.

**שטן :**

(מיט אויפצאַפּל)

און אייער האַרינטע ?

**צווייטער :**
ניטאָ זי מער.
אין מערת המכפלה ליגט זי אין איר רו.



**שטן :**
און קינדער האָט ער — אייער גוטער האַר ?

**צווייטער :**
אַ זון. אַ לויכטנדיקער. יצחק איז זיין נאָמען.

**שטן :**
אַזוי ? אַ לויכטנדיקער — און ניט אַנדערש ?

**דריטער :**

(אויפגעצאָרנט)

דער אורח טאָקע פּראָוועט גראָבן שפּאַס.

**שטן :**
חלילה, ברידער. — כ'שווער אייך ביי מיין לעבן.

**דריטער :**
צי האָט דער אורח ניט געהערט פון אונדזער האַר ?
דער גוטער שם פון אונדזער האַר גרייכט ווייט און ברייט.

**שטן :**
קאָן זיין אַז עפּעס וואָס געהערט. קאָן זיין.
איז אפשר וואָלט איר מיך געפירט צו אייער האַר ?

**דריטער :**
מיר קאָנען דיך צו אונדזער האַר ניט פירן,
דאָס וואָלט געקאָנט טאָן אונדזער עלטסטער, אליעזר.

**שטן :**
און ער איז דאָ ניטאָ היינט צווישן אייך ?

**צווייטער :**
ער איז אין חרן איצט. אין גוטער שליחות
אַ ווייב פאַר אונדזער יצחקן צו ברענגען.

**ערשטער:**

איך זאָג דיר ווידער אַז ניט אַלץ דאַרף מען דערציילן.

**צווייטער:**

ווי אָפּן ס׳זיינען די געצעלט־טירן פון אונדזער האַר
פאַר יעדן דורכגייער, פאַר יעדן וואַנדערער,
אַזוי איז אָפן אויך דער שם פון אונדזער האַר,
און אויך דער שם פון יצחקן.

(יצחק באַווייזט זיך פון דערווייטנס).

אָט קומט ער טאַקע.
דאָס קומט ער, ווי זיין מנהג איז אין אָוונט,
צו תפילה טאָן אין פעלד.

**ערשטער:**

טאָ לאָמיר לייפן, ברידער.

(פאַרשטעכער אָפּ. שטן ציט זיך ווידער אויס אויף דער ערד צווישן דערנער־קוסטעס. ער ליגט מיטן פנים געווענדט צו דער זייט, פון וואַנען יצחק קומט אָן).

**שטן:**

ווי איינגעפאַלן, איינגעשרומפּט ער איז געוואָרן
זינט לעצטן מאָל, ווען כ׳האָב אויף אים געקוקט
פאַרשטעלטערהייט פון הינטער באַרג מוריה.
איך זע נאָך קלאָר דאָס דעמאָלטדיקע שפּאַנען זיינס, דערנאָך
ווי ער האָט, ווי אַ שעפּס, אַ לייג געטאָן זיך אויף דעם שטיק־מזבח
און, אַ געבונדענער, זיך אויסגעצויגן, — דער עקידהניק!

(פויזע).

אַזאַ מין טרויעריקע שטילקייט אויף זיין פנים.

(צעלאַכט זיך)



אַ ווייב באַדאַרף אים ברענגען אליעזר!
דאָס אַלץ נאָר וואָס עס פעלט אים איצט.

(יצחק גייט פאַרביי, בלייבט שטיין געפּלעפט).

**יצחק:**

ווער ליגט עס דאָ און לאַכט אַזאַ געלעכטער?

**שטן:**

דער גוטער האַר זאָל מוחל זיין זיין קנעכט.
איך רו פון לאַנגן, שווערן וועג. און ווען דו רוסט
באַפאַלן דיך חלומות נאָר צום לאַכן.

**יצחק:**

אַן אורח פון דער פרעמד?

**שטן:**

זאָל זיין געבענטשט מיין האַר
וואָס שענקט זיין כבוד צו אַ קנעכט, — מיט אים צו רעדן.

**יצחק:**

זאָל רוען פרידן אויף דעם גוטן אורחס קאָפּ.
און אויב דער אורח האָט אַזוי געשמאַק געחלומט,
זאָל ער מיר מוחל זיין וואָס כ׳האָב געשטערט.

**שטן:**

אַ ניין. דער האַר האָט ניט צעשטערט מיין חלום.
פאַרקערט, — ער האָט אים נאָך פאַרשטאַרקט אין מיר.

**יצחק:**

איך ווייס ניט וועגן וואָס דער חלום איז געווען.

**שטן:**

און ווען דער גוטער האַר, אַ שטייגער, וואָלט געוואוסט?

**יצחק:**

דעם אורחס ליפּן, זע איך, צוקן אַזוי פיבערדיק,

די ווערטער זיינע שמייכלען שפּאַסיק אונטער,
די אויגן זיינע פינקלען אַזש ניט היימלעך.

שמן:

דער האַר, ניט אַנדערש, וויל מיך אויספּרובירן,
דער האַר, זעט אויס, איז אַ געניטער אין נסיון.

יצחק:

(אויפגעציטערט)

דאָס ערשטע מאָל אַזוינע ווערטער פון אַ פרעמדנס מויל!

שמן:

צי האָב איך דען געזאָגט אַזוינס וואָס קאָן דערצאָרענען?
צי האָב איך ווי געטאָן מיין האַר?

יצחק:

ווער איז דער אורח?

שמן:

צי מיינט מיין האַר אַז איך בין ניט דער זעלבער
וואָס איך בין אַלעמאָל, וואָס איך בין שטענדיק?

יצחק:

פון וואַנען קומט דער אורח? וויל איך וויסן.

שמן:

צי מיינט דער האַר אַז כ'קאָן פון ערגעץ אַנדערש קומען,
און ניט פון דאָרט פון וואַנען כ'קום?

יצחק:

דער אורח, זע איך, איז אַן אַפּלאַכער, צי וואָס?
איך מיין — דער אורח קאָן זיך ווידער אויסציען
און חלומען.

שמן:

און לאַכן.



(נעמט לאַכן מיט דין פריערדיקן בייזיקן געלעכטער. יצחק
שטייט ווי אַ געפּענטעטער)

כ'זע, דער האַר איז בייז.
און איך בין דאָך ניט מער ווי נאָר אַ פּאַסטעך.
איך קום פון דאָרט. —

(ווייזט מיט דער האַנט אין דער לופטן)

פון דאָרט, פון ערן,
וואו ס'איז מיט טעג צוריק געשען אַן אומגליק מיט אַ מאַן
וואָס גאָר די וועלט איז אויפגעציטערט פון זיין צער.
צי האָט מיין האַר גאָרניט געהערט דערפון?

יצחק:

געהערט.

שמן:

און ס'האַרץ פון האַר איז שטיל און רואיק?

יצחק:

ניט אַנדערש אַז עס רעדט צו מיר אַ בייזער גייסט.

שמן:

פאַרוואָס אַ בייזער גייסט? — דער האַר הייסט יצחק,
דער זון פון פרומען גאָטפאַרכטיקן אברהם.
און פרום און גאָטפאַרכטיק איז דאָך געוויס
דער גוטער טרויעריקער האַר אַליין.

יצחק:

פון וואַנען ווייס אַ וואַנדערער אַז איך בין טרויעריק?

שמן:

געענוג נאָר פאַר אַן אויג איין קוק צו געבן, —
ווער רעדט נאָך — פאַר אַ האַרץ איין ציטער צו דערפילן.

יצחק:

מיין האַרץ איז רואיק.

**שטן:**

אויב אזוי וואלט רואיק דאך
באדארפט אויך מ י י ן הארץ זיין.

**יצחק:**

קיין שייכות צווישן אונדז.

**שטן:**

פון וואנען אזא זיכערקייט?

**יצחק:**

שגעון!

**שטן:**

צי איז ניט מער שגעון ווען א האלדז,
וואס איז געלעגן אויסגעשטרעקט צו זיין געשאכטן,
דערפילט ניט דאס געיאמער פון א צווייטנס האלדז
וואס ליגט ערגעץ געשוואלן און באדעקט מיט וואונדן?
צי איז ניטא טאקע קיין שייכות דא — — —?

**יצחק:**

(גייט צו הארט צו אים)

ווער ביסטו?

**שטן:**

דער האר מיידט אויס צו ענטפערן אויף מ י י נ ע פראגעס,
איז פרעג איך נאכאמאל: ווי שיקט זיך עס —
ווען ערגעץ ליגט א קרבן-מאן אין טויט-יסורים
און רייסט פון זיך די הויט און שטיקער לייב,
גייט דא זיך שטיל ארום א צווייטער קרבן־מאן
אן איינגערואיקטער, א תפילהדיקער, א פארחלומטער,
שפאצירט זיך איבער גלאטע אוונט-גרעזלעך
און ווארט — אויף וואס? אויף וועמען? אויף א כלה?



(שטן אין אנשפאר פון געלעכטער גיט זיך אווארף צו דער ערד, קייקלט זיך אין ספאזמען. יצחק, א דערשיטערטער, פארדעקט זיך ס׳פנים מיט ביידע הענט, שטן שפרינגט אויף, שרייט אריין אין יצחקן)

פארגעסן שוין דעם בארג מוריה, הא?
פארגעסן שוין דאס מעסער אינעם טאטנס האנט?
פארגעסן שוין דער מאמעס גרוילן-טויט? —
דער מאן פון עוץ וועט אלץ דערמאנען שוין מיין האר!

(אפ אין ווילדן געלויף איבערן פעלד. יצחק לאזט זיך אראפ אויף א שטיין דערביי. זיצט אין פארזונקענקייט. הייבט אן אין רגעס ארום אויפצוקומען).

**יצחק:**

דער שטן! — ער! קיין ספק ניט אז ער.
א ווי האב איך אים גלייך אין אנהייב ניט דערקענט?
אזא פארבלענדעניש, פארשטעלעניש. צי קומט מיר אזא שטראף?

(פויזע)

אן איינפאל, מיך צו שרעקן מיט דעם מאן פון עוץ!
ערשט היינט צום ערשטן מאל געהערט זיין נאמען.
צי מוז איך שותף זיין צו יעדנס טויט-יסורים?
צי מוז איך גרוילן מיטן גרויל פון יעדן איינעם?
אויב ערגעץ איז געשען אן אומגליק, צי אן אומרעכט —
צי מוז עס טרעפן אויפן חשבון דוקא פון מיין רו?
מוריה האט ער מיר געווארפן גלייך אין פנים, —
דער מאמעס טויט. — — — א מאמע מיינע, מוטער,
אוועקגעפאלענע אין טאג פון מיין צוריקקער פון מוריה,
איך טראג אין זיך דעם סוד פון דיין פארגיין,
די לעצטע תפילה דיינע אויף די ליפן.

(פויזע).

א, גאט, אנטפלעקטער צו מיין טאטן

אין ליכט פון אונדזער בונד, אַנטפּלעק זיך אויך צו מיר,
אַנטפּלעק זיך ניט נאָר אין אַ שעת־נסיון. —
צי דו האָסט אים, דעם אַנשרעקער, געשיקט צו מיר
אויף ניי־נסיון, אָדער כדי צו עפענען אין מיר
די אַלטע פּחד־וואונד ביים ליגן אַ געבונדענער,
ביים ליגן און ניט וויסן אַז דאָס פּרוּווסטו מיך. —
דריי יאָר אַוועק זינט דעמאָלט. אין מיין האַרץ
שלאָפט איין, אַמאָל אויף לאַנג, אַמאָל נאָר אויף אַ רגע,
די איינגעקריצטע גרויל אינאיינעם מיט דער פרייד
צו זיין געראַטעוועט דורך דיין גענאָד, און מערער נאָך —
צו ווערן דורכגעפלאַקערט מיטן פייער פון דיין קול.
אַ גאָט, אַנטפּלעקטער צו מיין טאַטן, ווייז אויך מיר אַ צייכן
פון פולער זיכערקייט, אַז אין מיין האַרץ די פרייד
פון אויפהייבן זיך צוריק צו ניי־געשענקטן לעבן
איז גרעסער פון דער שרעק צו ליגן ווי אַ שעפּס
אין שטום געצאַפּל, אין דערוואַרטונג אויפן טויט. —
זיי מוחל מיר מיין טרויער, האַר באַשעפער;
דער טרויער האָט מיין האַרץ שוין איינגעבראָכן.
דעריבער היט מיך אויס פון נייעם פּחד. —
יסורים קומען און פאַרגייען, און — זיי קומען ווידער,
דעריבער ברענג פאַר מיר דעם זכר פון מיין מאַמע
אין חסד־ליכט און ניט אין פינצטערניש פון שרעק.

(זיין קאָפּ זינקט צו זיינע קני. אברהם קומט. אברהם אין דער עלטער ווייט אַריבער הונדערט).

**אברהם:**

מיין זון, וואָס איז מיט דיר?

**יצחק:**

(אין געבראָכנקייט)

איך רו.



**אברהם:**

אַזוי געבויגן זיצסטו, יצחק מיינער. —
דאָך גאָרניט אין דיין טבע אין דער אָוונט־שעה
צו זיצן אַזוי איינגעפאַלן אויפן וויסטן שטיין;
דיין טבע איז דאָך צו שפּאַצירן און מתפּלל זיין.

**יצחק:**

איך ענדער ניט מיין טבע, פאָטער. היינט ווי אַלעמאָל
איז גרייט מיין האַרץ זיך אַנצעטרויען —

**אברהם:**

דעם באַשעפער.

**יצחק:**

ווי שטענדיק, פאָטער. און ווי שטענדיק קאָן אויך היינט
מיין אויג ניט זאַט ווערן גענוג מיט יעדן שטראַל
פון אָוונט־ליכט, מיט יעדן צוק פון לעבן,
מיט יעדן ציטער פון אַן אבר, פון אַ גראָז און בלעטל,
מיט יעדן פלאַטער פון אַ פליגל. ניט נאָר לייב,
אפילו שטיין, אפילו שטויב אונטער מיין פוס
איז פול מיט שטיל געבעט אַזוי צו זאָגן:
זיי אָפּגעהיט מיט דיינע טריט, דו מענטש, ניט טו מיר וויי,
ווייל מער ווי אַלץ דערשרעקן מיך יסורים.
יאָ, פאָטער, היינט נאָך מער ווי אַלעמאָל
פאַרנעם איך דאָס געבעט פון אַלץ וואָס לעבט,
פון אַלץ וואָס בעט זיך: מענטש, ניט טו מיר וויי.

**אברהם:**

פאַרוואָס היינט מער ווי אַלעמאָל, מיין זון?
איז עפּעס וואָס באַזונדערס היינט געשען?

**יצחק:**

וואָס קאָן אַזוינס געשען מיט מיר באַזונדערס?
דאָס לעבן אונדזערס דאָ אַרום באר־שבע
גייט, דוכט זיך, רואיק אָן און פרידלעך.

**אברהם :**

איך זע דאָך אָבער אומרו אויף דיין פנים.

**יצחק :**

דו פרעגסט — צי עפּעס איז געשען מיט מיר ?
וואָס קאָן מיט מיר געשען ערשט היינט
נאָך אַלעם דעם, וואָס איז שוין לאַנג מיט מיר געשען ?

**אברהם :**

(שטרענג)

אַ יצחק מיינער — ווידער שוין ?

**יצחק :**

פאַרגיב מיר, פּאָטער.

(שפּרינגט אויף פון זיין אָרט)

אוי וויי, — איך זיץ, און דיך גאָר לאָז איך שטיין.

**אברהם :**

אויב דו ביסט מיד —

**יצחק :**

אַ ניין, ניט מיד.

(אברהם זעצט זיך, יצחק שטייט).

**אברהם :**

דיין קול אָבער איז אַנדערש היינט.

**יצחק :**

דיר דוכט זיך, פּאָטער.

**אברהם :**

מיין אויג איז שוין געניט. נאָך מער — מיין אויער.



**יצחק :**

דער פּאָטער דאַרף ניט נאָכקוקן מיין יעדן ריר,
און אויך ניט אויפנעמען אַזוי מיט טיפער זאָרג
אויב ס׳הערט זיך ווען אַ ציטער אין מיין קול.

**אברהם :**

צי ביסטו ניט מיין איינציקער וואָס איך האָב ליב ?
צי ביסטו ניט מיין אויסגעבעטענער ביי גאָט,
מיין פרייד אויף מיינע אַלטע יאָרן, און — מיין יורש ?
פונדעסטוועגן פאַרבאָרגסטו עפּעס אין דיין האַרצן.

**יצחק :**

פאַר דיר איז סיי ווי סיי אַלץ אָפן און אַנטפּלעקט.

**אברהם :**

דער איינציקער פאַר וועמען אַלץ איז אָפן
איז נאָר דער בורא-עולם, יצחק ;
דעריבער זאָג מיר אויס : וואָס דריקט דיך היינט ?
צי האָסטו זיך ניט צופיל אָנגענומען מיט די גרוילן
וואָס פרעמדע וואַנדער־פּאַסטעכער, פאַרבלאָנדזשעטע
פון ערגעץ, האָבן אָנגעבראַכט אין אונדזערע געצעלטן, —
די מעשות וועגן איינעם מיטן נאָמען איוב,
די מעשות וועגן איינעם ערגעץ ווייט פון אונדז ?

**יצחק :**

איך ווייס ניט. — אפשר. — וואָרעם ווייטקייט, פּאָטער,
איז ניט קיין שוץ און אויך ניט קיין באַוואָרענונג
אַז דו זאָלסט ניט דערציטערט ווערן פון אַ צווייטנס פּיין.

**אברהם :**

אַוודאי, יצחק. און געבענטשט זאָל זיין דיין מידה
פון הייסן מיטגעפיל און רחמים. דאָס איז אויך
אַ טרייסטונג פאַר מיין האַרץ אין טיפער עלטער,
צו וויסן אַז די טיר פון אונדזערע געצעלטן
וועט אויך דורך דיר געהאַלטן ווערן שטענדיק אָפן

פאַר יעדן הונגעריקן און פאַר יעדן דורכגייער.
אויך דו וועסט זיין אַ מכניס־אורח, און גאָטס האַנט
וועט רוען אויף דיין קאָפּ לעולם ועד,
אויף דיר און אויף די דורות דיינע.

**יצחק :**

פון וועלכע דורות רעדט דער פאָטער ?

**אברהם :**

געאַכפּערט און געבענטשט זאָל זיין דער בורא־עולם,
וואָס היט אונדז און וואָס שיצט אונדז מיט זיין חסד
אין אַלע ערטער וואו מיר וואַנדערן אַרום,
און מיט זיין צוזאָגן וואָס ער האָט מיר געגעבן
צו מאַכן ירשענען דאָס לאַנד צו מיינע דורות.
און דו ביסט דאָך דער אָנהייב פון די דורות.
ס'וועט לאַנג שוין ניט געדויערן, און אליעזר
וועט אָנקומען פון חרן מיט הצלחה אין זיין שליחות.

**יצחק :**

ניט איצט צו רעדן, פאָטער, וועגן דעם.

**אברהם :**

ניט לאָז אַראָפּ דעם קאָפּ, מיין זון, ווען כ'רעד צו דיר
מיט אָפנקייט און ליבשאַפט וועגן דעם,
ווי דו וועסט, מיט דער ברכה פון באַשעפער,
מקבל פנים זיין דיין כלה, — ביין פון אונדזער ביין,
פון אונדזער שטאַם, פון אונדזער אייגענער משפחה.
באַדאַרפסט ניט פילן זיך פאַרשעמט. גאָטס רצון איז — — —

**יצחק :**

(אין אויפרעגונג)

צו וואָס גאָר זאָל דער פאָטער אַזוי רעדן ?
צי בין איך דען אַ קינד ? אויף מיינע אַקסלען
ליגט, דוכט זיך, שוין אַ באַרג מיט שווערע יאָרן.



**אברהם :**

דיין אויפרעגונג איז ניט קיין גוטער סימן.

(נעמט אים אַרום. יצחק באַפרייט זיך אַרויס פונעם פאָטערס אַרעמס).

**יצחק :**

כ'פאַרשטיי ניט, פאָטער — — —

**אברהם :**

וואָס פאַרשטייסטו ניט ?

**יצחק :**

האָסט שטענדיק מורא טאָמער וועל איך אָנרירן
מיט עפּעס אַ דערמאָנונג יענע פחדימדיקע טעג !

**אברהם :**

וואָס רעדסטו, יצחק ?

**יצחק :**

די מוריה־טעג —

**אברהם :**

(שטעלט זיך אויף. שטרענג)

אויך איצטער ניט ! קיין וואָרט ניט וועגן דעם !

**יצחק :**

פאַרוואָס ?

**אברהם :**

גאָטס טעג ! — ניט מיינע און ניט דיינע.
און זאָג ניט,, פחד. עפּעס מער.

**יצחק :**

נסיון ?

**אברהם :**

אויך דאָס איז ניט דאָס וואָרט.

**יצחק :**

זאָג דו דאָס וואָרט.

**אברהם :**

איך טאָר ניט. קיינער טאָר ניט. קיינער !
ניטאָ דאָס וואָרט פאַר דעם.

**יצחק :**

(אין נאָך גרעסערער אויפרעגונג)

וואָס הייסט — ניטאָ ?
סע שרייט אין מיר, איז דאָך אַ סימן אַז ס'איז דאָ !
שוין פערטע יאָר באַלד אַז סע ברענט אין מיר,
און מיטאַמאָל גאָר זאָגסטו אַז ניטאָ דאָס וואָרט.
איך קאָן ניט מער !

**אברהם :**

(צערטלעך, ווייך)

וואָס קאָנסטו ניט, מיין זון ?

**יצחק :**

איך קאָן עס מער אין זיך ניט שטיקן, פאָטער.
מיין טרויער ברענט אין מיר ווי פייער. ער פאַרגייט ניט.
איך קאָן ניט מער. איך קאָן ניט !

(לאָזט זיך אַראָפּ מיטן פּנים צו דער ערד, קניט אין איינבראָך.
אברהם בייגט זיך איבער אים, נעמט אים אַרום, שטעלט אים
אויף).

**אברהם :**

באַרואיק זיך. שטיל איין דיין אַנגסט.



**יצחק :**

אַזוי האָט אויך גערעדט צו מיר די מאַמע
אין אירע לעצטע רגעס.

**אברהם :**

(אויפגעציטערט)

יצחק ! יצחק ! רעד ניט.

**יצחק :**

איך קאָן דעם אופן פון איר שטאַרבן ניט פאַרגעסן,
און אויך ב א ג ר י י פ ן קאָן איך ניט איר טויט.

**אברהם :**

צי ווילסטו גלייכן זיך צו גאָט דעם האַר ?

**יצחק :**

אַ ניין, חלילה. כ'וויל נאָר זען אים. זען אים.

**אברהם :**

צי האָסטו ניט געזען אים טאַקע ד ע מ א ל ט ?

**יצחק :**

איך וויל אים זען ניט דווקא נאָר אויף אַ מזבח,
ניט דוקא נאָר ווען כ'ליג געבונדן הענט און פיס.
איך וויל אים זען ווי דו, אין שטילע רגעס,
איך וואַרט אויף זיינע ווייכע, טרייסטנדיקע ווערטער.
איך וויל מנוחה פאָטער.

**אברהם :**

נעם מיין ברכה, יצחק. —
ווייל אַלץ וואָס לעבט אין מיר איז דיינס, מיין זון.
דער גאָט וואָס אין מיין האַרץ איז דיינער,
דער גאָט פון מיינע זעאונגען איז דיינער.
דו ווילסט מנוחה ? גוט, מיין זון,
הייב אויף דיין קאָפּ און זע ווי שלווהדיק,

ווי לויטערדיק די זון פֿאַרגייט אין מערב,
און זאָל אויך דיך אַרומנעמען די שלווה.

(ווי אברהם רעדט אַזוי, נעמט מיטאַמאָל דערטראָגן זיך פֿון ערגעץ אַן אומהיימלעך געשריי, אַ מין שילטנדיק געיאָמער פֿון אַ מענטשן. געיאָמער נעמט וואַקסן אין אַן אומגעהייערער שטייגונג, און אַלץ אַרום אין דער נאַטור נעמט זיך משונהדיק ענדערן. שטיקער פֿינצטערניש נעמען זיך טראָגן איבערן הימל, צעפֿליקן די פֿאַרגייענדיקע זון אויף גרויליקע אויפֿבליצן, וואָס לעשן זיך גלייך אויס. אַ ווינט־שטורעם הייבט אָן ווילדשוען איבער אַלע שטחים, ביימער נעמען זיך ברעכן. זעמדער דרייען זיך אין ווירבלדיקע זיילן. אַזוי ווי אַלץ אין דער נאַטור וואָלט מיטאַמאָל זיך גענומען איבערקערן. אַ דיקע פֿינצטערניש. אברהם און יצחק, דערשטוינטע, כאַפּן זיך אַרום, קלאַמערן זיך, כדי ניט אומצעפֿאַלן. די קליידער אויף זיי פֿלאַטערן אין ווילדקייט פֿון ווינט. דער ווינט רייסט זיי בײדן פֿונאַנדער און וואַרפֿט זיי צו דער ערד. עס יאָגן אָן אברהמס פּאַסטעכער מיט די סטאַדעס שאָף און רינדער. די סטאַדעס לויפֿן אין בהלה, פֿליקן די ערד מיט זייערע קאָפּיטעס. די פּאַסטעכער גוואַלדעווען).

**פּאַסטעכער:**

אַ גרויל־קללה הערן מיר,
אַ טויט־קללה קומט אויף אונדז:
פֿאַרשאָלטן זאָל זיין דער טאָג פֿון געבוירן!
די גאַנצע וועלט ווערט אויפֿגעריסן אין פֿינצטערניש!

(אויסגעמישט צווישן די פּאַסטעכער יאָגט דער פֿרעמדער וואַנדערער, דער שטן. זיין קול שטייגט איבער אַלעמען).

**שטן:**

מיין שעה די געגאַרטע קומט.
ער שילט — דער בעל־יסורים! ער שילט!
ער האָט ענדלעך אויפֿגעעפֿנט זיין מויל!
און אַז ער שילט — וועט ער אויך לעסטערן.
ער וועט! ער וועט! ער וועט!



# ב י ל ד צ װ י י

# בילד צוויי

(די זעלבע נאַכט. פאַרטאָג. יצחק ליגט צוזאַמענגעדרייט אויף
אַ גרויסן שטיין. אברהם שטייט איבער אים אַן אויפגערודער־
טער נאָך אַ שלאָפלאָזער נאַכט).

**אברהם:**

**פאַרשאָפסט מיר צער אַ גאַנצע נאַכט,**
**און אַלע יונגען אונדזערע פאַרקוקן זיך אויף דיר.**

**יצחק:**

(זעצט זיך אויף)

**אין זיי אַליין איז דאָ געבוג בהלה.**
**זיי ווייסן גאָר אפילו ניט צי איך בין וואָך.**

**אברהם:**

**זיי ווייסן יאָ. ניט איינער רעדט אַזוי צו זאָגן:**
**אויב יצחק מיידט אויס זיין געלעגער, היינט ווי זאָלן מיר**
**זיך לייגן רואיק שלאָפן? — זע, עס טאָגט שוין באַלד.**

**יצחק:**

**עס טוט מיר וויי וואָס צוליב מיר איז אויך דער פאָטער**
**געווען פאַרוואָגלט פון זיין שלאָף די גאַנצע נעכט.**

**אברהם:**

**אַרומגעזוכט דיך שעהן־לאַנג זינט נעכטן אָוונט,**
**און אויך די יונגען האָבן דיך אַרומגעזוכט,**

זיי זעען אַלע אויס ווי שטאַרק באַטרונקענע,
נאָר אַלע זיינען זיי אַליין פאַרכאַפּט פון דער צעטומלעניש ;
ווי שיכורע, נאָר ניט פון וויין. זיי וואַנדערן אַרום
מיט אויסגעשטרעקטע הענט צווישן די געצעלטן,
און זאָג איך וואָס צו זיי — פאַרנעמען זיי אַפילו ניט
דעם זין פון מיינע רייד. דאָס ערשטע מאָל צו זען
אַזאַ מהומה צווישן אונדזערע געטרייע קנעכט.

**יצחק :**

דער פאָטער ווייס דאָך קלאָר די סיבה.

**אברהם :**

אַנשטאָט צו העלפן מיר זיי אַלעמען באַרואיקן —
ביסטו גאָר דער, וואָס רייצט אין זיי די שרעק
דורך אייגענער צערודערטקייט. דער יאָמער־רוף
פון יענעם מאַן פון עוץ, וואָס כ׳ווייס ניט ווער ער איז,
האָט דיך פאַרשלונגען מער ווי אַלעמען. דיין לייב
האָט שעהן־לאַנג ניט אויפגעהערט צו וואַרפן זיך,
און יעדן איינעם אָנגעשטעקט מיט פחד־גרויל.
און אָט איז שוין באַלד טאָג, און זע — דער פחד
האַלט אָן אין דיר און שטילט זיך גאָרניט איין.

**יצחק :**

ווייל אויך דער יאָמער־רוף, וואָס קומט פון עוץ, האַלט אָן.

**אברהם :**

אויך איצטער הערסטו אים, ווען אַלץ אַרום איז שטיל ?

**יצחק :**

אויך איצטער, פאָטער. זיי ניט בייז. פאַרגיב מיר.

**אברהם :**

דו האָסט ניט היינט קיין שליטה איבער זיך אַליין.

**יצחק :**

מסתמא ריכטיק, פאָטער, וואָס דו זאָגסט.



**אברהם :**

אָט ווייסטו גאָר אַליין ניט ווי דו ביסט
געלעגן אויפן פעלד און זיך אַרומגעוואָרפן
אין גרויס געוויין. די יונגען האָבן דיך
גענומען אויף די הענט, געבראַכט דיך צום געצעלט,
אַרויפגעלייגט דיך אויף דיין אייגענעם געלעגער,
און פון געלעגער ביסטו מיטאַמאָל פאַרשוואונדן ווידער.
ערשט איצט, אָט דאָ, פאַרטאָג, געפין איך דיך, —
דו ליגסט אַזאַ פאַרצווייפלטער, אַזאַ צעבראָכענער.

**יצחק :**

און וואו זיינען די יונגען איצטער ? און די סטאַדעס ?

**אברהם :**

זיי האָבן זיך צעשפּרייט איבער די פעלדער
צוזאַמען מיט די פיך, אויף פולן הפקר.
אַרומגעלאָפן ווי באַנומענע, ביז אַלע זיינען זיי
אָט ערשט ניט לאַנג אַוועקגעפאַלן מיד און אויסגעשעפּט.
זיי ליגן אַלע איצט, ווי דו, צעוואַלגערטע,
און ניט פאַר מיינע כוחות זיי צו זוכן. אָט ווערט טאָג
און גאָט דער האַר וועט זיי אַליין שוין אויפהייבן.

**יצחק :**

איך פיל מיך שולדיק, פאָטער, זייער שולדיק,
וואָס מיר צוליב ביסטו באַרויבט געוואָרן פון שלאָף.

(גלייכט זיך אויס)

**אברהם :**

מיין שכר וועט זיין, אויב דו וועסט זיך צוריקקערן
צו רו, ווי ס׳פּאַסט פאַר דיר, פאַר יצחקן.

**יצחק :**

(מיט גרויס טרויער)

פאַר יצחקן — דעם זון פונעם בטחונדיקן, גוטן פאָטער.
ס'איז טאַקע אמת, — זייער, זייער אמת,
אַז מענטשן ווערן אויך גאַנץ אָפט פאַרכאַפּט פון שרעק
ניט ווייניקער ווי שעפּסן. יאָ, און איך אַליין
בין אויך, ווייזט אויס, ניט מערער ווי אַ שעפּס.

**אברהם:**

דו דאַרפסט אַזוי ניט רעדן, יצחק.

**יצחק:**

איך דאַרף ניט רעדן, אָבער ס'קומט פון זיך אַליין.
צי איז ניט אמת אַז איך בין געווען אַ שעפּס?
צי איז אַ חילוק אויב אַ צווייטער שעפּס האָט מיך פאַרביטן?

**אברהם:**

אַ יצחק, זון מיינער, געבענטשטער, רעד ניט.

**יצחק:**

דער יאָמער פונעם מאַן פון עוץ צערייסט מיין האַרץ.

**אברהם:**

קום, יצחק, אין געצעלט אַריין.

**יצחק:**

איך בעט דעם פאָטער גיין אַליין,
ווייל איך וועל סיי ווי סיי שוין איצט ניט שלאָפן.

**אברהם:**

איך בעט דיך — קום מיט מיר, כ'זאָל רואיק זיין.

**יצחק:**

דער פאָטער ווייס ווי ליב איך האָב פאַרטאָג
צו זיצן וואַך, צו קוקן אויף די לעצטע שטערן.

**אברהם:**

דער היינטיקער פאַרטאָג איז אַנדערש, יצחק.



**יצחק:**

אַוודאי אַנדערש.

(מיט נייעם אויפציטער)

ווידער דאָס געיאָמער! ווידער!

(הערן זיך בײדע איין אין דער שטילקייט. עס גייען פאַרביי זיי צוויי פון אברהמס קנעכט. — יורם, אַ בלינדער אויף ביידע אויגן, און תובל, — אַ לאָמער אויף אַ פוס. דער פוס איז אים פאַרשטייפט. אין דער טונקלקייט זעט תובל ניט די האַרן. ער שפרינגט מיט ניט געוויינלעכן אימפעט אויף זיין געזונטן פוס, מיט דער הילף פון אַן אָנשפּאַר־שטעקן. הינטער אים — דער בלינדער יורם מיט אַ האַנט פאַרלייגט אויף תובלס אַקסל).

**אברהם:**

וואוהין אַזאַ געאייל אין פרי־באַגינען?

**תובל:**

(צו יורם)

די האַרן, יורם, ביידע האַרן.

**אברהם:**

איך פרעג — וואוהין אַזאַ געאייל?

**תובל:**

אַ זאָל דער גוטער האַר ניט צאָרענען אויף אונדז.

**אברהם:**

צי גייט איר טאָן וואָס שלעכטס?

**יורם:**

חלילה וחלילה.

**אברהם:**

פאַרוואָס זשע זאָל איך צאָרענען אויף אייך?

תוכל:
מיר גייען נאָכן יאָמער־קול וואָס רופט אונדז.

אברהם:
ער ר ו פ ט איך?

תוכל:
נאָכאַנאַנד אַ גאַנצע נאַכט.
ער רופט געקריפּלטע.

יורם:
און בלינדע.

אברהם:
ווייסט איר ווער ער איז?

יורם:
גענוג פאַר אונדז זיין קול — זיין גוואַלד־געיאָמער.

תוכל:
געקומען סוף כל סוף דער אויפמאַנער,
וואָס שטעלט זיך איין פאַר לאָמע און פאַר בלינדע,,
פאַר אַלע קרעציקע, פאַר אַלע בעלי־מום.

יורם:
פאַר אַלע וואָס מחוץ למחנה.

תוכל:
ער רופט צו משפט גאָט דעם האַר אַליין.

אברהם:
פון וואַנען ווייסט איר עס?

תוכל:
געווען ביי אונדז מבשרים דורך דער נאַכט,
געבראַכט אונדז בשורות, האַפערדיקע בשורות
אַז גאַנצע מחנות קראַנקע לאָזן זיך קיין עוץ.



יורם:

אברהם:
און אַז מבשרים? — איז דען ניט גענוג
די שטעכעדיקע פיין פון מיינע בלינדע אויגן
אַז אונדזער האַר זאָל אונדז ניט אָפּהאַלטן?
צי זאָל איך גלויבן אַז דאָסריידן מיינע יונגען,
אויף ווען ס'רוט דאָס ליכט פון גאָט דעם האַר,
דאָס ליכט פון אונדזער בונד מיט אים? —
צי האָב איך, יורם, ניט געשוינט דיין בלינדקייט?
צי האָב איך, תובל, ניט פאַרבונדן דיר דיין פוס?
צי זענט איר דען ביי מיר מחוץ למחנה?

תוכל:
געבענטשט זאָל זיין דער האַר פאַר זיין גוט האַרץ.

יורם:
דער האַר איז ווי אַ פאָטער צו אונדזביידן.

אברהם:
פאַרוואָס זשע ווילט איר מיך פאַרלאָזן?

תוכל:
אַ זאָל דער האַר זיין לייטזעליק און הערן
די ווערטער אונדזערע אַזוי צו זאָגן:
פאַרלאָזן ווילן מיר ניט אונדזער גוטן האַר,
און אויך ניט יצחקן, וואָס איז אונדז ווי אַ ברודער,
נאָר זאָל אונדז זאָגן אונדזער האַר, צי קאָן ער
מיר אויסגלייכן מיין טויטן פוס, מיין קרומען טראָט?

יורם:
צי קאָן ער צונעמען די פינצטערניש פון מיינע אויגן,
און געבן מיר צוריק די שיין, וואָס כ'האָב פאַרלוירן
אין יענעם טאָג, ווען כ'בין אינאיינעם מיט מיין האַר
צוריקגעקומען פון באַגלייטן אים צום לאַנד מוריה?

**אברהם:**

און דער, צו וועמען אירווילט גיין אַצינדערט,
צי ער קאָן געבן נייע פּיס איך, נייע אויגן?
צי ער קאָן איינשטילן יסורים פון צרעת —
אַז ער אַליין גאָר, ווי איך הער, פאַרגייט אין פּיין?

**תובל:**

אודאי קאָן ער.

**יורם:**

אַלע זאָגן אַז ער קאָן.

**תובל:**

און אויב ער קאָן ניט — קאָן ער אָבער מאָנען!
צי הערט ניט אונדזער האַר זיין קול, זיין פלוך,
וואָס טראָגט זיך אין דער נאַכט זינט נעכטן אָוונט?
אָט קומט עס ווידער, ווידער, ווידער.

**יורם:**

צי הערט ניט אונדזער גוטער יצחק?

**יצחק:**

(אַן אויפגעטרייסלטער)

איך הער.

**יורם:**

(מיט פרייד)

דער גוטער יצחק הערט,
דער גוטער יצחק ווייס דעם טעם פון פּיין,
און אויך דעם סוד ווען טרערן ווערגן,
און אויך דעם סוד פון קרבן ווייס דער גוטער יצחק.

**אברהם:**

וואָס רעדסטו, יורם? ווער האָט דיר אַזוינס פאַרטרויט?



**יורם:**

ניט איך, נאָר מיינע בלינדע אויגן רעדן, —
די שוואַרצאַפּלען, וואָס האָבן נאָך געהאַט די זכיה,
אַ טאָג נאָכן צוריקקומען פון לאַנד מוריה,
צו זיין אין פולער זעעוודיקייט, נאָר איין טאָג. ניט מער.

**יצחק:**

איך הער פאַרדראָס אויף מיר אין דיינע רייד.

**יורם:**

אָ זאָל ניט צאָרענען אויף מיר דער גוטער יצחק.
צי איך זאָל וויסן ווי אַזוי עס איז געקומען
גראָד איצט צו מיר די ביטערע דערמאָנונג
פון יענעם טאָג וואָס איז געווען מיין לעצטע ליכטיקייט?
צי איך זאָל וויסן ווי אַזוי עס קומט צו מיר
דאָס וואָרט צו רעדן וועגן סוד פון קרבן?
ווער בין איך? — איך בין נאָר אַ קנעכט. ניט מער.
צי בין איך אָבער ניט געווען אַליין אַ קרבן?
צי האָב איך דען געזינדיקט דעמאָלט מיט מיין זיין
דעם האַרס באַגלייטער צו מוריה און צוריק?
פאַרוואָס האָט מיר געקומט צו ווערן בלינד? פאַרוואָס?
דער גוטער יצחק זעט מיין בלינדקייט שוין דריי יאָר,
ער זעט און שוויגט. פאַרוואָס? איך פרעג: פאַרוואָס
האָט ער געשוויגן און פאַרשוויגן גאָר מיין פּיין?

(צו תובל)

די האַרן אונדזערע, דער פאָטער און דער זון,
פאַרברענגען גאַנצע טעג אין שטילער גוטסקייט,
ווייל גוטסקייט, ברודער, טוט ניט ווי.
פון וויטאָק וויסן די נאָר, וועמענס לייב
ווערט יעדע רגע בלינד־געבראָכן און געפּייניקט
און וועמענס אויגן קוקן אייביק אין אַ נאַכט אַריין.
אויך שטילקייט טוט ניט ווי. קום גיין אַהין

וואו ווייטאַק שרייט, וואו שטילקייט ווערט צעריסן,
וואו שטילקייט יאָמערט. פיר מיך, תובל.

(תובל און יורם אָפּ).

**יצחק :**

(גלייכט זיך אויס)

איך גיי מיט זיי.

**אברהם :**

וואָס רעדסטו, יצחק ?

**יצחק :**

דער פאָטער דאַרף ניט צאָרענען אויף מיר.

**אברהם :**

צום ערשטן מאָל אין מיינע אַלטע יאָרן
צו זען דיך, יצחק, אין אַזאַ פאַרלוירנקייט,
און — ערגער נאָך : אין אַ דערוויטערונג פון מיר.

**יצחק :**

כ׳בין ניט דערוויטערט און אויך ניט פאַרלוירן, פאָטער.

**אברהם :**

איך זע דאָך אָבער וואָס מיט דיר קומט פאָר. —
דיין האַרץ איז אָנגעלאָדן, און דיר ווילט זיך ריידן,
דיר ווילט זיך אויסטענהן אין ווי פון טרויער. טו עס.
איך גיב דיר פול רשות אויף דעם.

**יצחק :**

ביז איצט האָט מיר דער פאָטער ניט דערלויבט עס.

**אברהם :**

גאָטס פליגל שוועבן איבער אונדז, מיין זון,
און ווערטער, וואָס ער לייגט אַרויף אויף אונדזער צונג,
באַדאַרפן ברענגען פרייד פאַר אונדזער האַרץ.



אַנטקעגן ווערטער פון פאַרביטערונג און קללה
גייט אויף דאָס וואָרט פון ברכה און פון רו.
איך זע דאָך אָבער לעצטנס זייער אָפט
אַ פיבערדיקע צוקעניש אויף דיינע ליפּן,
אַזוי ווי פאַר אַן אויסברוך פון געוויין.
איך זע עס שוין פון לאַנג. און ניט נאָר היינט.
דו שטיקסט אין זיך דיין אַנגסט. איך ווייס די סיבה.
איך האָב געהאָפט אַז וואָס אַ טאָג אַלץ מער
וועט דיך אַרומנעמען די גנאָד פון איינגעשטילטקייט.
איך זע אָבער —

**יצחק :**

וואָס זעסטו, פאָטער ?

**אברהם :**

איך זע אַז דו ביסט פול מיט אַנגערייצטקייט
צו טענהן וועגן יענעם טאָג פון דיין עקידה,
און מערער נאָך — צו אויפהייבן ביז אַ געשריי
דאָס שטאַרבן פון דער מאַמען. יאָ, איך זע עס.
איז גיב איך דיר רשות צו רעדן איצט.
איך גיב דיר פול רשות אפילו אויף געשריי.

**יצחק :**

(שווייגט).

**אברהם :**

פאַרוואָס זשע שווייגסטו ?

**יצחק :**

(שווייגט).

**אברהם :**

כ׳פרעג : פאַרוואָס זשע שווייגסטו ?

(פויזע)

שוין צייט דעם גרויל פון לייב צו בטל מאַכן, יצחק, —

אפילו ווען דו ביסט פאַרכאַפּט פון יענע גרויל־געשרייען,
וואָס האָבן זיך אַהער דערטראָגן נעכטן אָוונט.
דאָס זאָגט דיר איצט פאַרטאָג דיין אַלטער פאָטער,
און דו פאַרנעם אָן כעס זיינע ווערטער.
איך לייג צו דיינע פיס אַוועק מיין טיפע זיקנה.
און וויפל פחד פון נסיון דו האָסט ניט פאַרזוכט שוין,
באַדאַרף עס זיין ניט מער נאָר ווי אַ צוגרייטונג
פאַר נאָך נסיונות אין די שפּעטערדיקע טעג.

**יצחק:**

פאַר נאָך עקידות?

**אברהם:**

יאָ, פאַר נאָך עקידות.
באַדאַרפסט זיין גרייט, מיין זון. אָן אויסדערווילטער ביסטו.
גאָטס ברכה רוט אויף דיר, זאָלסט וויסן זיך.
און נאָך מער זאָלסטו וויסן אַז דער חסד פון באַשאַף
איז אויך אין טויט פאַראַן. ווייל טויט אַליין
איז גאָטס יצירה. און אַזוי איז אויך די פּיין,
ניט מינער פון דער פרייד, אַ שיין פון גאָטס אַנטפּלעקונג;
און וויסטו וואו עס ליגט דאָס האַרץ פון חסד?
אין אייביקער געגרייטקייט צו נסיון. —
צי הערסטו וואָס איך רעד, מיין זון?

**יצחק:**

איך הער און איך פאַרשטיי, נאָר צאַרן ניט אויף מיר
ווען גראָד אין דער מינוט פאַרנעם איך זיך אין וועג אַריין,
אין זעלבן וועג פון יורם און פון תובל.
אויך מ י י ן האַרץ מוז איך אָפּטונקען אויפסניי
אין הייסן אָטעם פון צעריסענע יסורים.
כ׳בין צו פיל און צו לאַנג געווען מיט זיך אַליין נאָר.
יאָ, צו פיל אין דער שטילקייט דאָ. — געבענטשט זיי, פאָטער.
און ביז איך וועל צוריקקומען — ניט זאָרג זיך וועגן מיר.

(נעמט אָוועקשפּאַנען פון אברהמען)



# ב י ל ד  ד ר י י

# בילד דריי

(אַ פעלד ניט ווייט פון איובס אָפּגעברענטע גיטער. מע זעט נאָך ווי דאָ און דאָרט שלענגלט זיך רויך. אַ פויער אַקערט דיין שטיקל ערד מיט אַן אייזל. דער אייזל עקשנט זיך מיטאַמאָל איין, שטעלט זיך אָפּ, וויל ניט שלעפּן דעם אַקער־צאָן. סוף טאָג).

**אַקערער:**

ניט אַנדערש אַז דו ביסט אַראָפּ פון זינען היינט,
דו אייזל־קאָפּ! וואָס הערסטו אַלע ווײַלע דאָרט
מיט דיינע גרויסע אויפגעשפּיצטע אויערן?
צי ווילסטו נאָכאַמאָל פאַרזוכן קלעפּ?

(אייזל שטייט איינגעשפּאַרט, רירט זיך ניט)

ניט אַנדערש אַז אַ רוח איז אין דיר אַריין.
שוין אָוונט באַלד, און ס'שטיקל פעלד מיינס
איז אַלץ נאָך ניט צעאַקערט. ריר זיך, זאָג איך!
אַז ניט — צעברעך איך דיר די ביינער דיינע.

(פאַרמעסט זיך מיט אַ שטעקן, ערשט דער אייזל עפנט דיין מויל און נעמט רײדן)

**אייזל:**

נו ברעך, צעברעך, — דו שמייסער מיינער!

**אַקערער:**

(אין פּחד כאַפּט זיך פאַרן קאָפּ)

אוי וויי, אוי וויי, — מיין אייזל רעדט!

**אײזל:**

איך שלאָף ניט מער דײַן אַקער,
איך גראָב ניט מער דײַן פעלד;
אַז אונטערגײן אין אומגליק זאָל דער טאָג
װאָס כ׳בין אין אים געקומען אויף דער װעלט.
פאַרשאָלטן זאָל ער זײַן!

**אַקערער:**

אָ, ראַטעװעט!

(שפּרײט אויס די הענט אין אַלע זײַטן, נעמט זיך מיטאַמאָל װאַק־
לען, װי צום פאַלן)

װאָס טוט זיך דאָ? אַלץ שװינדלט אַרום מיר.
ערשט איצט באַנעם איך שוין, װאָרום אַ גאַנצן טאָג
אַז ס׳האַלט מיך אין איין שלײדערן קדחת
פון איין נאָר הערן די געװאַלד־געשרײען
פון אונדזער אומגליקלעכן געשטראָפטן איוב.

(שטאַרקט זיך, װיל װידער נעמען טרײַבן דעם אײזל. אײזל גיט
זיך אַ ריס אַרויס פון אַקער, נעמט לײַפן משוגענערװײַז איבערן
פעלד. אַקערער לאָזט זיך אַראָפּ צו דער ערד װי אַ געלײמטער)

אַ סוף קומט צו דער װעלט. זי קערט זיך איבער.

(עס קומט אָן אַ קאַראַװאַן פון דרײַ קעמלען. דער קאַראַװאַנער
דערזעט װי דער אַקערער פאַלט צו דער ערד, אײַלט ער צו צו
אים. כאַפּט אים אונטער)

**קאַראַװאַנער:**

גאָט העלף, מײַן האַר.

**אַקערער:**

געבענטשט זאָל זײַן די האַנט
װאָס קומט צו הילף.



**קאַראַװאַנער:**

צי עפּעס שלעכטס געשען?

(נעמט זיך אויך װאַקלען)

אוי װײ, — אויך איך נעם פאַלן.

(לאָזט זיך אַראָפּ אויף די קני, קאָן זיך ניט אויפשטעלן, שטרעקט
אויס די הענט, שרײַט)

מײַנע קעמלען! מײַנע קעמלען!

(די קעמלען טוען דאָס זעלבע װאָס דער אײזל, זײ צעלאָזן זיך
מיט זײערע טאַנצנדיקע הויקערס איבערן פעלד, טראָגן זיך מיט
גװאַלדיקן אימפּעט. קאַראַװאַנער פאַלט צו דער ערד)

אַ העלף מיר, גרויסע ראַ, באַשיץ מיך!

פאַרשװינדלטע, צוגעבויגענע צו דער ערד)
(קאַראַװאַנער און אַקערער קלאַמערן זיך איינער אין צװײטן װי

צי איז געשען װאָס זינדיקס אין דער געגנט?

**אַקערער:**

אַװדאי איז געשען. צי האָט דער גוטער האַר
גאָר קײן שום צײכן ניט פאַרנומען — אַזאַ װײ־געשרײ
פון אונדזער שילטנדיקן בעל־יסורים איוב?

**קאַראַװאַנער:**

איך װײס ניט װי אָנצורופן די װילדע קולות
װאָס האָבן זיך צו מיר, זינט נעכטן נאַכט,
דערטראָגן דורך די זאַמדשטורעמס אין מדבר.

**אַקערער:**

אָט דאָס איז טאַקע דאָס געשעענע. —
צי זעט דען ניט מײַן האַר דעם רויך אָן דאָרט?
צי הערט ער ניט דעם סם־ריח פון ברענעניש?

**קאַראַוואַנער:**

אָודאי הער איך שטיקנדיקע שרפה־ריחות,
עס ווערט מיר אַזש ניט גוט — צום חלשן.

**אַקערער:**

פון וואַנען קומט דער ברודער?

**קאַראַוואַנער:**

פון מצרים.

אַ זאָל דער גרויסער רא באַשיצן מיך און מײַנע קעמלען.
צי איז דער מענטש בײַ אײַך געוואָרן אַזוי זינדיק,
אַז ווי דו גייסט נאָר איבער אײַער גבול
זאָל אַלץ זיך נעמען דרייען מיטן קאָפּ אַראָפּ?
מײַן מח רירט זיך מיר.

**אַקערער:**

ניט ווייניקער ווי מײַנער.

**קאַראַוואַנער:**

און וואָס איז פּאָרט אַזוינס געשען בײַ אײַך
אַז אײַנעמס ווייגעשריי זאָל אויפרייסן אַ וועלט?

**אַקערער:**

איך דאַרף ניט וויסן וואָס בײַ לײַטן טוט זיך.
כ'פאַרמאָג מײַן אייזל און מײַן שטיקל פעלד. דאָס אַלץ.
אַז עפּעס איז געשען מיט איובן דעם רײַכסטן מאַן,
דעם פרימסטן צווישן אונדז, — דאָס וויסן אַלע.
אַ פײַער האָט פאַרברענט זײַן גוטס און זײַנע קינדער,
און ער אַליין איז איין שטיק וואונד געוואָרן.
ער ליגט און וואַלגערט זיך אין יאוש, אין יסורים
און שרײַט און שילט דעם טאָג פון זײַן געבוירן.

**קאַראַוואַנער:**

צי מיינט עס אַז מיר קומען בײַדע אום?



**אַקערער:**

אַ שטיקעניש אין האַלדז. איך עק מיך.

(בײַדע ציען זיך אויס אויף דער ערד, ליגן ווי פאַרחלשטע. אייזל און קעמלען לייגן אַן, שטעלן זיך אַרום די פאַרחלשטע, שפּרינגען, רעווען, ווי זיי וואָלטן לאַכן, רײַסן די ערד אונטער זיך, ריידן ווי מיט אַ מענטשלעך קול)

**אייזל:**

וואָס ליגסטו אויסגעצויגן, האַר,
און טוסט ניט דײַן מלאכה? —
צי דאָס איז אַלץ דערפאַר
ווײַל האָסט ניט מער מײַן ברכה?

**ערשטער קעמל:**

איך וויל ניט טראָגן מער קיין האַרבן,
איך וויל ניט מער מײַן רוקן־קלעם.

**צווייטער קעמל:**

אַ קעמל איז אַ נאַר — אַ קרבן,
דאַרף אויך אַ שיעור דאָך זײַן צו דעם!

**דריטער קעמל:**

דורך מדבר־זאַמדן זיך צו שלעפּן —
דאַרף אויך צו דעם שוין זײַן אַ סוף.

**אייזל:**

כאַ־כאַ, עס נעמען זיך פאַרקלעפּן
די אויגן פון מײַן האַר אין שלאָף.
אויס שותפות מײַנע מיטן אַקער,
איך וויל ניט שטיין מער אין קיין שטאַל.
כ'ווער שותף מיט דער זון — אין פלאַקער,
איך ווער אַ גליענדיקער שטראַל.

**ערשטער קעמל:**

און איך — אַ מזרח־ווינט וועל ווערן.

**צווייטער קעמל:**
און איך — אַן אָדלער אויף אַ באַרג.

**דריטער קעמל:**
און איך — אַ גאָלדענער מאָרגנשטערן.

**אייזל:**
אַיעדער ביין־בראָך אויף מיין קאַרק
וועט ווערן פלאַמיק אָנגעצונדן,
און דאָס וועט זיין מיין שכר
פאַר אַלע מיינע ביילן־וואונדן,
וואָס דו האָסט מיר פאַרשאַפט, מיין האַר.
פאַר יעדן שמיץ, פאַר יעדן שלאָג
אָ חשבון וועסטו איצטער געבן.

**ערשטער קעמל:**
גערעכט. אויך אונדזער חשבון־טאָג
קומט אָן אין גאַנג פון אונדזער לעבן.

**צווייטער קעמל:**
שטיי אויף און ענטפער ריכטיק: ווער
האָט דיר געגעבן ס'רעכט צו רייטן
אויף אונדז און איבערלאָדן שווער
די האָרבן אונדזערע פון בידע זייטן?

**דריטער קעמל:**
צו משפט שטעל זיך די מינוט,
און מאַך זיך ניט פאַרטאָן אין שלאָפן,
מיר קענען דיינע חכמות גוט
אַרויסצודרייען זיך פון שטראָפן.

**אייזל:**
געקומען די גערעכטע שעה
פאַר דער פאַרלאַכטער שטומער חיה. —
די איבערקערעניש איז דאָ



פאַר אויפגעלויכטנקייטן נייע.
שטיי אויף, אַז ניט פאַרזוכסטו באַלד
אַ כמאַל אין קאָפּ מיט מיין קאָפּיטע;
דו, נישטיקייט, דו האַר פון גוואַלד,
פאַרנעם דעם איינבראָך פון דיין שליטה.

(עס וואַקסט אויס הינטער זיי דער ש ט ן אינעם אויסזען פון
אַן אַלטן בעטלער, מיט איין פוס אָפּגענומען, פאַרדרייט. ער
טאַנצט אויף קוליעס. זיין קאָפּ האָר און באָרד רויטלעך־גרוי,
ווילד־צעפּאַטלט).

**שטן:**
אויך איר אין קאָן? — גענוג זאָל זיין!
אַז אָך און וויי צו מיינע פּלענער,
אַז אייזלען עפענען דאָס מויל
און רעדן — איינער פונעם צווייטן שענער.
אַ בראָך צום גאַנצן טרויער־שפּיל,
וואָס צוליב דעם איך דאַרף, איך מוז
די האַרטע זאַמדן פון דער ערד
צעקראַצן מיט פאַרהאַלצטן פוס.

(לאַכט)

זייט מוחל מיינע שאַרפע רייד, איך בעט אייך.
חלילה ניט געמיינט איך צו באַלידיקן,
לאַנג־פיסיקע, לאַנג־אויערדיקע פריינד מיינע.
גענוג פאַר אייך די אומגעריכטע זכיה,
וואָס איר האָט ערשט געהאַט, צו עפענען אַ מויל
און זיך אַריינהילכן אין תהו פון דער וועלט.
די צייט פאַר אייער פולער ווידערשפעניקונג
איז ניט געקומען נאָך. ס'איז ערשט די אָנהייב־צייט
פון מענטשנס גוואַלדגעשריי, פון ז י י ן מרידה,
און אייך איז נאָר דערלויבט געווען איין קליינע רגע
צו זיין אַן אָפּהילך נאָר, צו זיין אַ גלגול:
דעם מענטשנס קול האָט זיך פאַרזעצט אין אייך.

טאָ האַלט אים אײן אין זיך וואָס טיפער און וואָס לענגער,
ביז א י י ע ר פולע רגע פון פאַרמעסט וועט קומען,
פאַרמעסט מיט מענטש, דערנאָך — מיט גאָט אַליין,
פאַרמעסט מיט גאָט דורך מיר — זײַן טרייען שליח.
דערווײַלע האַלט עס ערשט ביים קאַמף פון מענטש מיט גאָט;
איז נויטיק מיר דערצו ד ע ם מ ע נ ט ש נ ס אַנגסט,
אַז ע ר זאָל מיט פאַרצווייפלונג זיך אַריינשניידן
אין סאַמע האַרץ פון גאָט. און דאָס, זעט אויס,
דערגענטערט זיך מיט גרויסער האַסטיקייט און אימפעט.
און וואָס טו א י ך אין מײַן געטרייער שליחות?
כ׳גליידך אויס די וואָגשאָל צווישן גאָט און מענטש,
אַזוי ווי איך האָב זי שוין אויסגעגליכט
צווישן מענטש און חיה. איך בין נאָר פ אַ ר מ י ט ל ע ר.
יאָ, יאָ, פאַרמיטלער־אויסגלייכער און בונד־פאַרבינדער.
און אויספירן וויל איך אַז צווישן גאָט און מענטש,
ווי צווישן מענטש און חיה, זאָל ניט זײַן קיין צד
וואָס זאָל זיך איבערנעמען און זאָל זאָגן
אַז ער, נאָר ער אַליין איז דער גערעכטער
צו לעבן אייביק, און דער צווייטער צד
זאָל אייביק שולדיק זײַן און אייביק שטאַרבן.
יאָ, יאָ — כ׳וויל אייביקייט אפילו פאַר דער מילב.

(וועקט)

שטייט אויף, איר פוילנצער, באַטרונקענע!
באַטרונקענע — מיט וואָס? מיט וויין,
צי מיט דעם האַרבן פלאַם־געררוך פון גאָט?

(אַקערער און קאַראַוואַנער כאַפּן זיך אויף, קומען צו זיך, קוקן זיך אַרום נשתומם)

קאַראַוואַנער:
וואו בין איך? וואָס אַזוינס איז דאָ געשען?

אַקערער:
ווער שטייט דאָ איבער אונדז?



שטן:
אַן פחד, ברידער.
איך זע צוויי מענטשן ליגן אויף דער ערד,
און לעבן זיי — דריי קעמלען און אַן אייזל,
איז נויטיק, טראַכט איך, צוגיין און אַ קוק טאָן,
צי דאַרפן מענטשן ניט קיין הילף.

ביידע:
אַ דאַנק דעם האַר פאַר זײַן גוט האַרץ.
פון וואַנען קומט דער חסדיקער האַר?

שטן:
פון וויט. פון בעטלער־וועלט. איך הינק מיר אויף אַ פוס.
איך בין אָבער געבענטשט מיט גוטע קוליעס.

אַקערער:
כ׳פאַרשטיי קיין וואָרט ניט וואָס דער אורח רעדט.

קאַראַוואַנער:
וואו זיינען אָבער מיינע קעמלען? מיינע קעמלען!

שטן:
אָט שטייען דאָך די קעמלען לעבן אייך,
און אויך דער אייזל שטייט ביים אַקער.

אַקערער:
ניט אַנדערש אַז אַ כישוף איז אַריין אין אונדז.
צי אפשר אַ פאַרבלענדעניש, אַ שפיצל פונעם שטן.

קאַראַוואַנער:
שפיי דריי מאָל אויס.

שטן:
אַ שאָד דאָס שפייעכץ.

קאַראַוואַנער:
כ׳האָב שפייעכץ אין מײַן מויל גענוג.

**שטן:**

איז אדרבה — שפּיי!

**קאַראַוואַנער:**

(וויל אַ שפּיי טאָן און קאָן ניט)

אוי זע, אַ שפּאַס. — אַ טריקעניש אין מויל.

**שטן:**

טאָ זאָל מיין האַר ניט זיין קיין חכם.

(לאַכט שפּיציק. קאַראַוואַנער און אַקערער הייבן זיך אויף, רייבן זיך אויס די אויגן)

**קאַראַוואַנער:**

(צו זיינע קעמלען)

איך ווייס ניט ווער ס'איז דאָ משוגע, — איך, צי איר?
קומט שנעל אַוועק פון דאַנען. שנעל!

**שטן:**

מיין האַר זאָל עפּעס אַפּלערנען פון זיינע קעמלען,
ווייל אָט קאָן אָנקומען אויך ז י י ע ר שעה.

**קאַראַוואַנער:**

משוגע! אַלץ איז דאָ משוגע מיטן קאָפּ אַראָפּ!

(צו די קעמלען)

קומט שנעל פון דאַנען.

(צו די צוויי)

כ'ווינטש אייך בידן שלום.

(אָפּ מיט די קעמלען)



**אַקערער:**

שוין איין מאָל אַ פאַרדרייעניש, שוין איין מאָל! —
די ערד אָבער דאַרף זיין געאַקערט סיי ווי סיי.

(גיט אַ טרייב דעם איזל. איזל לאָזט זיך איצט גיין, שלעפּט דעם אַקער. אָפּ)

**שטן:**

אַזוי? די ערד דאַרף זיין געאַקערט סיי ווי סיי?
פון וואַנען איז די ראיה אַז זי דאַרף?
פון וואַנען איז די ראיה אַז זי קאָן ניט ליגן ווייטער
אַ דאַרנדיקע, אַ צעטריקנטע, אַ שטיינערדיקע?
פון וואַנען איז די ראיה? — שאַ, אָט קומען זיי,
די אמתע, די יחוסדיקע איוב־געסט!

(עס נעמען שטראָמען פון אַלע זייטן מחנות בעטלער, בעלי־מום, בלינדע, מצורעים. ווער עס גייט אַליין, ווער עס ווערט געטראָגן, אָדער געפירט אונטער די הענט. אַ געמורמל, אַ געקרעכצעריי, אַ בייז געזינגעריי, אַ תפילה'ריי. די מערסטע גייען פאַרביי. אַ טייל שטעלט זיך אָפּ, רוט אָפּ, צעזעצט זיך אויף דער ערד.)

**הינקענדיקער:**

(פון צווישן די אָפּרוענדיקע)

דער גרויסער בעל־יסורים
רופט אונדז מיט זיין רוף,
מיר קומען און מיר ברענגען
מום פון אונדזער גוף.

**פאַליקער:**

מיר האָבן גוף געוואָרפן
וואָרפעניש, ווי מיסט,
אויף דערנער און אויף שטיינער,
חורבנדיק און וויסט.

**האָרבאַטער:**

אויף קאָפּ — געפּלאַצטע ביילן,
פינגער — קרום און לאַם,
אויף קאַרקן שווערע האָרבן,
אויגן — בלינדער תהום.

**מצורע:**

אין האַרץ פון מצורעים
ווייטט דאָס לעצטע בלוט,
ניטאָ פאַר אונדז קיין טרייסטונג
ביז דער טויט־מינוט.

**געליימטער:**

דער הימל ברענט צעלעכערט,
ערד — פאַרקנוילט אין ברעך,
די זון שטעכט דורך אַ שאַרבן,
מאַרך פאַרגייט אין שטאָך.

**בלינדער:**

מיר פאַסעווען, מיר רייסן
הויט פון זיך אַראָפּ,
דעם חשבון פון די ריסן
קיינער גיט ניט אָפּ.

**זקנה:**

אויף באַקן גליען טרערן
צווישן קאַרב און קאַרב;
אַ ברודער צו אַ ברודער
מורמלט: שילט און שטאַרב.
אַ מאַמע צו אַ טאַטן
טראָגט ניט צו קיין קינד;
דער מאַמעס טויטע אָרעמס
וויגט דער מדבר־ווינט.



**יורם:**

איצט קומט די שעה ווען וואונדן
גייען־אויף אין גרויל,
ווען טויבע און ווען שטומע
עפענען דאָס מויל.
ווען בלינדע נאַכט אין אויגן
פלאַקערט העליש אויף,
דער גרויסער בעל־יסורים
רופט אונדז מיט זיין רוף.

**תובל:**

געקומען ענדלעך איינער
ניט פאַר אייגן נוץ
צו אויפרייסן דאָס שווייגן
אויף דער ערד פון עוץ.

**שטן:**

אייערע ווערטער זיינען ריכטיקע, ברידער, —
און זיי זיינען אַודאי אויך מיינע;
לאָמיר אָנשאַרפן אונדזערע גלידער
מיט דער שאַרפקייט פון צאָרן און טענה.
לאָמיר אָנשטעלן אונדזערע פויסטן,
לאָמיר אָנשפּיצן אונדזערע ציינער,
דורכן לייב דורכן פאַרלויזטן
זאָלן שטעכיק זיין אונדזערע ביינער.
לאָמיר אַלע זיך ניט פאַרטאַיען
נאָר אין איינעמס אַ וויי־געיאָמער, —
נאָכאַנאַנד, אָן אויפהער צו שרייען
לאָמיר אַלע אים העלפן, לאָמיר!
זאָל ניט ווערן קיין איבערדרייס קיינער,
זאָל ניט אומפאַלן קיינער קיין מידער,
לאָמיר אָנגרייטן שפּיזיקע שטיינער,
שטעכיק־שאַרפע ווי אונדזערע גלידער:

ווייל גאָט דער באַשעפער אַליין
גיט אַ שלידער אַמאָל מיט אַ שטיין.

קולות:

(פון עולם)

פאַרוואָס מיטאַמאָל גאָר שטיינער?
פאַר וועמען? פאַר וועמען די שטיינער?

שטן:

לאָמיר גרייט זיין פאַר אַלע געפאַרן,
וואָרעם ווער קאָן וויסן, צי אַזוינער
וועט ניט וועלען אַמאָל גאָר אונדז נאַרן?

תוכל:

ווער איז ער? און וואָס רעדט ער
מיט אַזוינע פאַרבאָרגענע ווערטער?
ווי איצט לאָמיר טראָגן אויך שפעטער
די האָפענונג איבער אַלע ערטער;
די האָפענונג — צו האָבן אַ מאָנער,
אַ געטרייען יסורים־צעשרייער,
און אויך אַ געטרייען סנוגר.

שטן:

ניט אַלעמאָל וויל ער, ניט אַלעמאָל קאָן ער
פאַרמיידן אַליין פון צו זיין אַ קטוגר.

תוכל:

נאָך איידער וואָס־ווען — און שוין אַ צערייצער!
ער הייסט אונדז שוין מיטנעמען שטיינער.
פאַר וועמען די שטיינער? פאַר וועמען?
צי ניט פאַר דעם קאָפּ פון דעם מאָנער
צו וועמען מיר גייען, צו וועמען מיר ציען? —
צי שפירט איר ניט אַלע אַן אָנוואונק אַזאַ?



שטן:
פאַרוואָס עפּעס נאָר פאַר דעם קאָפּ פונעם מאָנער?
צי דאַרפן אַמאָל אויך קיין שטיינער ניט האַלטן
די פּייך־טרעגער גופא, כדי איינער דעם צוויטן
אין גרויסער הילולה די מוחות צעשפּאַלטן.

קולות:
פאַרמאַכט אים ס׳מויל!

שטן:
ניט שרעק־ווערטער זאָג איך, נאָר ווערטער פון אמת,
און איר — ווערט ניט בייז אויף מיר, ברידער,
פאַר זאָגן אַן אמת אויף שפּעטער, אויף טרעף, —
אַן אמת, וואָס וויקלט אַרום ווי אַ טויט־שנור
דאָס נאַרעשע, הילפלאָזע האַרץ פונעם מענטש.
ס׳איז קיינמאָל ניט איבעריק, ברידער, צו האָבן
אין נאַרעשן בוזעם אַ חכם אַ שטיין.

קולות:
ווער איז ער? וואָס רעדט ער?

שטן:
ווער בין איך? אַ בעטלער. אודאי.
מיין קני איז צעבראָכן. איך שלעפּ זי.
איך וואָגל דורך נעכט נע־ונדע.
די וואונד לעכערט דורך מיינע גלידער.
איך עפן זי אויף און פאַרקלעפּ זי,
און נאָכדעם — איך עפן זי ווידער.
כ׳בין גליך מיט איך אַלע — אַ קרבן
אויף שפּיציקן האַרטן מזבח,
און כ׳ווערג זיך ווי איר אינעם ריח ניחוח.

תוכל:
אַ ביטערן גיפטיקן צונג דאָס האָט,
אַ צונג פון אַ נחש. כ׳האָב מורא פאַר אים.

שמן:

האָב מורא פאַר זיך, ניט פאַר מיר.
און אַלע איר, אַלע — האָט מורא פאַר זיך!

(אָפּ)

יורם:

וואָס שטייען מיר דאָ? מיר זייַנען שוין אין עוץ?

תובל:

ניט ווייַט שוין, גאָר ניט ווייַט.

יורם:

כ'בין געוען שוין צו אָנקומען צו אים —
צו שטיין אין זייַנע ד' אמות, תובל ברודער.
אין פּנים ווען אים איז מיר ניט באַשערט דערווייל,
איז לאָמיר הערן כאָטש דעם אָטעם פון זייַן פּיַן.
ווער ווייס — דאָס פּייַער פון זייַן האַרץ קאָן אפשר
אַ פלאַטער טאָן אויף מייַנע אויגן און זיי עפענען.

תובל:

דערווייל האַלט אייַך דייַן אומגעדולד, איך בעט דיך;
זיי גרייט אויף אַלץ, ווי איך בין גרייט. מייַן לייַב
איז אויך פאַרכאַפּט מיט פיבער פון דערוואַרטעניש.

יורם:

איך בעט ביי גאָט פון אונדזער האַר אברהם,
אַז ער זאָל זיך אַנטפּלעקן אויך צום בעל־יחורים
און רעדן צו אים אָפן פּה אל פּה
און אים מגלה זייַן דעם סוד פון היילונג,
דעם סוד פון אומקערן צו בלינדע אויגן ליכט —
אַ סוד וואָס אונדזער האַר האָט ניט געקאָנט מגלה זייַן.
איך בעט דיך — לאָמיר איילן, תובל.

(אַלע וואָס זייַנען געזעסן און גערוט, הייבן זיך אויף אַוועקצוגיין,
עס קומען אָן איובס דריי פריינד, — אליפז, בלדד, צופר, אויס־



טערלישע הויכע געשטאַלטן, — פאַרביק געקליידט. לאַנגע גרויע בערד, שטעקנס אין די הענט. די קוקן געפּלעפטע אויף דעם אומגעריכטן עולם. אויך דער עולם באַטראַכט זיי מיט חידוש)

אליפז:

וואָס טוט זיך דאָ? פון וואַנען אַזאַ עולם?

(צו דער מחנה)

ווער זענט איר און פון וואַנען קומט איר?

יורם:

צי ווייסן ניט די האַרן וואָס עס איז געשען
מיט איובן דעם גאָטפאַרכטיקן מאַן?

אליפז:

אַודאי ווייסן מיר. מיר קומען ערשט פון אים.
נאָר וואָס ווייסט א י ר? און ווער האָט אייַך געבראַכט?

יורם:

יסורים האָבן אונדז געבראַכט אַהער.

בלדד:

צי ער האָט אייַך גערופן?

יורם:

יאָ, אודאי. ער אַליין.

אליפז:

וואָס מיינט איר — ער אַליין? רעדט קלאָר.

תובל:

אַודאי ער אַליין. אַודאי, ער — דער בעל־יסורים.

יורם:

ס'איז, דאַכט זיך, קלאָר — זייַן קלאָג האָט אונדז גערופן.

**תוכל:**

געוויין פון אַן אומזיסט געשטראָפטן מאַן.

**אליפז:**

פון וואַנען ווייסט איר אַז געשטראָפט אומזיסט?

**תוכל:**

זיין שילטן זיך אַליין דערציילט עס אונדז,
און אויך זיין רופן גאָט צו משפט.

**אליפז:**

צי האָט איר דען געהערט זיין קול פון ווייט?

**עולם:**

— אַודאי האָבן מיר געהערט.
— פון אומעטום געהערט.
— פון אַלע וויטן.
— דורך אַלע בערג און טאָלן.

**יורם:**

און איר, די נאָנטע דאָ, — צי איר האָט ניט געהערט?

**אליפז:**

אַ ווילדער כישוף סידן איז אַריין אין אייך!

**תוכל:**

ווי קומט דער האַר צו זאָגן אויף יסורים ווילד?

**צופר:**

ניט אַנדערש אַז דאָ שפּילט זיך אָפּ עפּעס אַ טעות.

**אליפז:**

צי אפשר גאָר אַ כישוף אויך מיט אונדז? —
די רייד פון אונדזער ליידנדיקן פריינד
פאַרמאָגן אַזאַ קראַפט אין זיך, ווייזט אויס,
וואָס דרינגט אַדורך פאַרצאַמונגען און ווייטקייטן,



און טרייסלט אויף און קערט אַלץ איבער.
וואָס ווייטער — אַלץ מער שליטה׳דיק און מעכטיק,
אַ קראַפט וואָס מיר, די נאָנטע, אָנען קוים.

**בלדד:**

אַ גאַנצע נאַכט, אַ גאַנצן טאָג צו אים גערעדט,
געטרייסט, געשטראָפט און נאָכאַמאָל געטרייסט.
און וואָס? — ער האַלט זיך אַלץ ביי זיין עקשנות,
ער טענהט אַלץ דאָס זעלביקע. און אָט, איר זעט
זיין קול האָט אָפּגעשטעלט דעם גאַנצן סדר פון דער וועלט.

**צופר:**

אַז מיר אַליין דאָך זיינען פול מיט שרעק
זינט נעכטן נאַכט, ווען ער האָט מיטאַמאָל
נאָך זיבן טעג פון שווייגן שטום זיין מויל געעפנט;
איך זאָג אייך אָבער, אַז די זיבן שטומע טעג
און אונדזער זיצן לעבן אים אין אָט דער שווייגעניש
צעבראָכן האָבן מיך נאָר מער ווי זיין געיאָמער.

**אליפז:**

מיר מוזן אָבער עפּעס טאָן, און טאַקע שוין,
כדי אים צו באַוואָרענען פון אָט דעם עולם.
מיר מוזן גיין צוריק. מיר מוזן אים פאַרהיטן.

**בלדד:**

ער איז ניט גערן אונדז צו האָבן לעבן זיך.
ער האָט אונדז פיינט. ער חוזקט אָפּ פון אונדז.

**אליפז:**

צי קאָנען מיר אויף אים פאַראיבל האָבן, —
אַז אָן אַ גרענעץ זיינען זיינע ווייטאָקן?
חלילה אונדז צו מקפיד זיין אויף אונדזער כבוד,
מיר מוזן גיין צו אים צוריק וואָס גיכער.

(ווי ער רעדט, קומט צו לויפן אַ שליח־קנעכט, בוקט זיך צו אליפז
אין גרויס בהלה)

**שליח:**

זאָל צוהערן מיין האַר די רייד פון זיין קנעכט.

**אליפז:**

וואָס איז געשען?

**שליח:**

איך קום פון מיין האַרס נחלות —

**אליפז:**

רעד שנעלער. וואָס איז געשען אויף מיינע נחלות?

**שליח:**

(קאָן קוים כאַפּן זיין אָטעם)

איך קען ניט רעדן שנעלער, גרויסער האַר, — מיין אָטעם האַקט זיך אָפּ אין מיר.

**אליפז:**

(אין שרעק)

אַן אומגליק?

**שליח:**

אודאי אַן אומגליק. אודאי. הוי, אבוי מיר! די רינדער האָבן געאַקערט, די שעפּסן האָבן זיך געפּיטערט — די שעפּסעלעך האָבן געזויגן —

**אליפז:**

שנעלער, שנעלער!

**שליח:**

מיטאַמאָל האָט זיך אַלץ אָפּגעשטעלט. — אַלץ. אַלץ. הוי, ווײ געשריען! די האַרינטע האָט געזאָגט: לויף, זוך־אויף דעם האַר, ער זאָל וואָס גיכער קומען. — די אָקסן אַקערן ניט, די שעפּסן פּיטערן זיך ניט, די שעפּסעלעך זויגן ניט מער. — זיי רינגלען אַרום די געצעלטן פון מיין האַר. זיי שטייען מיט אויסגעשטרעקטע קעפּ אַזוי ווי פאַרגליווערטע,



אַזוי ווי זיי וואָלטן פאַרשטיינערט געוואָרן. — הוי, ווײ געשריען! און די האַרינטע אַליין — — —

**אליפז:**

וואָס איז געשען מיט דער האַרינטע?

**שליח:**

אַ מאַן איז אַריינגעלאָפן אין געצעלט און אויסגעשריען: פאַרשאָלטן זאָל זיין די וועלט און דער טאָג פון געבוירן ווערן! — אויסגעשריען און פאַרשוואונדן. די האַרינטע, אַ דערציטערטע, לויפט אַרויס פון געצעלט, ערשט — — — אַ לעמפּערט! אַן אמתער לעמפּערט קומט צושפּרינגען פון ערגעץ, גיט זיך אַ וואָרף אַריין אין דער סטאַדע שעפּסן.—

**אליפז:**

וואָס ווייטער? גיכער!

**שליח:**

און ווי ער גיט זיך אַ וואָרף — דער לעמפּערט, אַזוי בלייבט ער אויך מיטאַמאָל פאַרגליווערט אין סאַמע מיטן פון זיין שפּרונג, די פאָדער־שטע לאַפּעס אין דער הויך, און רירט זיך ניט מער. — — — און זיין מויל צעעפנט, און די ציינער בליצן. — און אַזוי שטייט ער און גיט זיך ניט קיין ריר. — און די שעפּסן אַרום אויך אַזוי. ווי שטיקער שטיין שטייען זיי. ניט זיי מעקען, ניט זיי אַנטלייפן. — — — און אויך די האַרינטע אַזוי. אַ פאַרגליווערטע שטייט זי —

**אליפז:**

פאַרוואָס האָסטו דעם לעמפּערט ניט דערהרגעט?

**שליח:**

כ׳האָב געוואָלט, שוין אויפגעהויבן מיינע הענט, ערשט זיי זיינען מיר אויך ווי אָפּגענומען געוואָרן. — און אפשר זיינען מיינע הענט אַליין געוואָרן ווי לאַפּעס פון אַ לעמפּערט. — זאָל מיין האַר זען מיינע בײדע הענט. כ׳קאָן קוים רירן מיט זיי. — — — אפשר וואַקסן שוין אויף מיינע הענט נעגל פון אַ לעמפּערט. — הוי, ווײ געשריען! די גאַנצע וועלט עקט זיך.

**אליפז:**

קום שנעלער.

(אָפּ מיטן שליח. ווי זיי גייען אָפּ קומט אַ צווייטער שליח, פֿאַלט צו מיט פּחד צו זיין האַר בלדד)

**צווייטער שליח:**

זאָל מיין האַר הערן מיינע רייד!

**בלדד:**

רעד. איך הער.

**שליח:**

(האַסטיק)

איך קום פון מיין האַרס וויינגערטנער און ברונעמער.

**בלדד:**

וואָס איז געשען?

**שליח:**

(נאָך האַסטיקער)

די וויינטרויבן זיינען געוואַקסן, דאָס וואַסער אין די ברונעמער האָט רואיק געקוואַלט אונטער די צודעק־שטיינער, די ציגן און די איזעלי־נען האָבן זיך געפּיטערט, און דערנאָך געגענגט צו די קאַרעטעס. — די פֿאַסטעכער האָבן אַראָפּגעקייקלט די שטיינער פון איבער די ברונעמער. — — — ערשט צווישן די פֿאַסטעכער האָט זיך פונאַנדערגעטראָגן אַ מאוימדיק קול אַזוי צו זאָגן: אַלץ איז פֿאַרשאָלטן אינאיינעם מיטן טאָג פון געבוירן ווערן, אַלץ קערט זיך איבער! — — — און ווי דאָס איז געזאָגט געוואָרן, אַזוי האָבן די וויינטרויבן אַ פלאַץ געטאָן, פונאַנ־דערגעשפּאָלטן זיך. דאָס וואַסער אין די ברונעמער האָט גענומען קאָכן, הייבן זיך אַרויפצו איבער די ברעגן, פֿאַרגאָסן און פֿאַרפּליצט אַלע קאַרעטעס, אַלע פלאַנצן מיט גרויסע שטראָמען. — — — טייכן גאַנצע. — — — און די ציגן און די איזעלינען, ביז די קני אין וואַסער,



האָבן גענומען טרינקען, זופּן אָן אַ שיעור און אָן אָן אָפּשטעל, ביז די בייכער זייערע זיינען אויפגעבלאָזן געוואָרן, ווי צום אויפּרייסן. — — און די וואַסערן שטראָמען נאָך אַלץ, און די סטאַדעס הערן נאָך אַלץ ניט אויף צו זופּן, און די בייכער זייערע ווערן געשוואָלענער און גע־שוואָלענער, און קיינער קאָן זיי ניט אָפּשטעלן. אבוי, אבוי!

**בלדד:**

קום מיט מיר.

(אָפּ מיטן צווייטן שליח. אַ דריטער שליח קומט, פֿאַלט־צו צו צופר)

**דריטער שליח:**

זאָל מיין האַר דערלויבן מיר צו ריידן.

**צופר:**

וואָס פֿאַר אַן אומגליק איז געשען ביי מיר?

**שליח:**

אַ גרויס אומגליק, האַר.

**צופר:**

דערציייל!

**שליח:**

אונדזער האַרינטע איז געשטאַנען ביים אַריינגאַנג פון געצעלט, געקוקט אויף דער סטאַדע ציגן, וואָס האָבן זיך געפּיטערט דערביי, ערשט איינער פון די פֿאַסטעכער האָט זיך מיטאַמאָל אַ וואָרף געגעבן צו דער ערד, גענומען שרייען, אַזוי ווי ניט מיט זיין קול, אַזוי צו זאָגן: די גאַנצע וועלט קערט זיך איבער, די גאַנצע וועלט איז פֿאַרשאָלטן, און ווער עס וויל זיך ראַטעווען זאָל ווערן אַ חיה. — — — און ווי ער האָט עס געזאָגט, אַזוי איז פון אים אַליין גלייך געוואָרן אַ לייב, אַ גרויסער אויסגעצויגענער לייב — — — און פון דער גאַנצער סטאַדע ציגן איז געוואָרן אַ סטאַדע וועלף. שפּיציקע ציין. פֿאַרדרייטע נעגל. — — — פייער־אויגן אין זייערע אַלע שטערנס. דער גרויסער לייב האָט זיך מיט אַ ווילדן שפּרונג אַ וואָרף געטאָן אויף דער האַרינטע, — הוי, אבוי מיר!

צופר:

וואָס איז געשען ווייטער?

שליח:

אָבער די האַרינטע איז שוין ניט געווען קיין האַרינמטע. זי איז געוואָרן —

צופר:

וואָס איז זי געוואָרן?

שליח:

הוי, אבוי — אַ שלאַנג.

צופר:

אַ שלאַנג?

שליח:

זאָל מיין האַר ניט צאָרענען אויף מיר, אָבער דאָס איז דער אמת. אַלע זאָגן אַז ס'איז אַן אמת. — אַ גרויסע שלאַנג מיט פלאַמיקע רינגען אַרום. און זי האָט אַ ביס געטאָן דעם לייב, און דער לייב האָט זיך אַ האַלב־טויטער אָוועקגעקייקלט. — — — און אַלע ציגענע וועלף האָבן זיך געוואָרפן איינע אויף די אַנדערע. און די שלאַנג — אויף זיי.

צופר:

צי ביסטו ביים זינען?

שליח:

ביים פולן זינען, גרויסער האַר, וואָרעם אויך מיין ווייב איז געוואָרן —

צופר:

אויך אַ שלאַנג?

שליח:

ניין. מיין ווייב איז ערשט געוואָרן אַ ציג. — — — אַלע ציגן זיינען געוואָרן וועלף, נאָר זי, מיין ווייב, נעמט גאָר און ווערט אַ ציג, אַן



אָרעמע, עלנדע, שוואַכע ציג. אויף פיר דינע פיס. מיט צוויי אויסגעדרייטע הערנער — — — און מיט אַן עק. — הוי, וויי! איין ציג צווישן אַזויפיל וועלף. די וועלף וועלן זי צערייסן — צערייסן. —

צופר:

ביסטו זיכער אַז דו האָסט עס אַליין געזען?

שליח:

אַלע האָבן עס געזען. אַלע ריידן וועגן דעם. זאָל דער האַר וואָס גיכער איילן.

(צופר מיטן שליח אָפּ. עס קומט אַן יצחק. מיד, פאַרשטויבט. אַ שטעקן אין האַנט. ער קוקט אויף די מחנות ווי זיי שטראָמען אים פאַרביי. ער זעצט זיך צו אויף אַ שטיין. אויך שטן הינקט פאַרביי אויף זיינע קוליעס. שטעלט זיך אָפּ).

שטן:

דער ברודער וואַנדערער איז מיד?

יצחק:

ווי אַלע וואַנדערער. ניט מידער.

שטן:

און איך שלעפּ קוים די טויטע פיס מיינע,
אַט פאַל איך באַלד אַנידער.

יצחק:

שאַט ניט אָפּרוען.

שטן:

צי איז דער ברודער וויניקער פון מיר פאַרשאָלטן?
ווי קאָן מען רוען ווען אַזויפיל מידע וואַגלען?
ווען איינער שמאַכט אין דאָרשט — ווי קאָן אַ צווייטער
זיך זעצן זופן וויין פון פולע לאָגלען?

יצחק:

דער האַר האָט עפּעס בכוונה, ווען ער פרעגט?

שטן:

חלילה. כ׳גיס נאָר אויס מיין צער אַזוי;
און אפשר — האָבן ווערטער שטענדיק אַ כוונה.
אַז ווער עס האָט געזונטע פיס, ווייס קיינמאָל ניט
ווי ס׳פילט זיך דער וואָס האָט אַ פוס אַ קראַנקן;
און ווער עס האָט אַמאָל זיין האַלדז, למשל,
נאָר אויסגעשטרעקט אַנטקעגן עמיצנס אַ חלף,
ווייס קיינמאָל ניט, מסתמא, ווי עס פילט זיך דער
וואָס ווערט טאַקע געשאָכטן אויף אַן אמת.

יצחק:

(אויפגעציטערט)

וואָס מיינט דער האַר מיט זיינע רייד?

שטן:

איך מיין עס נאָר אויף טרעף. — צוליב רחמנות.

יצחק:

אויף וועמען וויל דער האַר רחמנות האָבן?

שטן:

אויף אַלעמען. אויף אַלע מענטשן־ברואים.
כ׳בין מיד, און אויפן האַרצן איז מיר טרויעריק.
דער אמת איז, אַז כ׳האָב גאָר ניט געוואוסט ביז איצט
ווי אומגליקלעך עס איז דער גאַנצער מענטשן־מין
אפילו אין די בעסטע טעג זיינע פון גליק,
בפרט אין טעג פון פיין און אומגעדולד.
און איצטער אַז איך ווייס — וואָס גיט עס מיר?
כ׳וואָלט וועלן פרעגן וועגן דעם ביי גאָט — ביים בורא־עולם.
איך זע — דער האַר ווערט אומגעדולדיק.

יצחק:

וואָס שייך אומגעדולדיק? — קעגן וועמען?



שטן:

איך פרעג דאָס זעלביקע. דער מאַן פון פיין
איז אַלעמאָל גערעכט, נאָר אויסגעהאַלטן זיין —
דאָס קאָן ער ניט. ער מוז זיך אונטערגעבן,
און מוז דערצו אַ לעבן־לאַנג נאָך שווייגן;
און אָט דערהערט ער ווי אַ צווייטער מאַן פון פיין
רייסט־אויף זיין שווייגן, — גיט אין אים אַ ברען
זיין שטומקייט, ווי אַ מעסער וואָלט אַ שניט געטאָן
זיין אויסגעשטרעקטן קרבנדיקן האַלדז.

יצחק:

(מיט געשריי)

וואָס טוט זיך דאָ? ווער רעדט צו מיר אַזוינע רייד?

שטן:

פאַרוואָס אַזאַ געשריי? צי מיינע ווערטער
פאַרמאָגן שלעכטס אין זיך? איך מיין, פאַרקערט,
אַז טיפער טרויער איז דער תוך פון זיי,
און מערער נאָך — דערקענטעניש איז זייער תוך,
דערקענטעניש אויף אונדזער יונגער, ערשט אַנטפּלעקטער ערד.
און זאָל מיין האַר זיך איינהערן מיט אַלע אברים
ווי גאָט אַליין גייט דאָ אַרום צווישן אונדז
אַן אָנגעלאָדענער מיט טרויער און מיט עלנד,
און שווייגט, און וויל זיין שווייגן אויפרייסן
און קאָן ניט. — איז ער שטאַרק מקנא דעם,
וואָס האָט געהאַט דעם מוט און אויפגעריסן.
דער האַר זאָל וויסן אַז מיט שטומעניש אַליין
דערגרייכט מען נאָר איין זאַך: מען ווערט פאַרשוויגן
אפילו ווען די שטומעניש איז גאָט. — יאָ, יאָ, מיין האַר;
די זון האַלט ביים פאַרגיין. יאָ, יאָ, מיין האַר.
די זון פאַרגייט איבער די קעפּ פון אַלע מחנות.
צי וויל, אפשר, מיין האַר די זון פאַרהאַלטן?
צי וויל, אפשר, מיין האַר ווי זי פאַרגייט?

די ברירה איז ביים האַר. יאָ, יאָ, — ביים האַר,
ווייל איך האָב שוין אינגאַנצן אפשר מער קיין ברירה ניט.

(הינקט אַוועק. יצחק קוקט אים נאָך. זיצט צוגעבויגן צו זיין שטעקן. ראַנגלט זיך מיט זיין מידקייט)

**יצחק:**

ווער איז ער? — זיינע ווערטער טרייסלען־אויף.
צי איז ער ניט צומאָל דער בייזער אָנשרעקער?
צי בייט ער ניט צומאָל זיין אויסזען און זיין הילוך?
צי אפשר בין איך גאָר אומזיסט אים חושד,
ווייל איך בין אָנגעפילט מיט שרעק אין זיך אַליין? —
אַ זינד צו קוקן אויף אַ קראַנקן מאַן מיט אומצוטרוי.

(פויזע)

און אָט באַפאַלט מיך גאָר אַ מידקייט ביז צום שלעפערן,
און אָט באַווייזט זיך גאָר צו מיר דעם פאָטערס פנים.

(פויזע)

ניט זוך מיך, פאָטער, און ניט זאָרג זיך וועגן מיר.
צי האָסטו ניט אַליין געגעבן מיר רשות
צו זען אַ צווייטן מאָל דעם פלאַם פון דיין מזבח־פייער?
צי ווייסטו ניט, אַז אָפטמאָל ווערן מיינע אויגן
אַרומגעכאַפּט מיט עפּעס אַזאַ הייסער טונקלקייט,
אַזוי ווי כ׳וואָלט געהאַלטן שיעור ביים בלינד ווערן,
און ס׳רעדט צו מיר אַ קול אַזוי צו זאָגן:
זיי גרייט אַריינצוגיין אויף אייביק אין אַ פינצטערניש,
כדי עס זאָל אין דיר אויף אייביק בלייבן
דאָס ליכט פון יענעם פייער אויפן באַרג מוריה.
און אָפטמאָל דוכט זיך מיר אַז — שוין,
אַז כ׳ווער ווי יורם בלינד אויף בידע אויגן,
און אפשר אויך אַ לאָמער אויף אַ פוס ווי תובל,
און אפשר אויך אַ דורכגעשרפּעטער מיט וואונדן,
ווי יענער בעל־יסורים, וואָס זיין יאָמער־קול



האָט מיך געבראַכט אַהערצו אין זיין גבול,
און וועמענס פנים כ׳האָב אפילו ניט געזען נאָך.
אוי, אוי, אַ מידקייט אַזאַ שווערע נעמט מיך דורך,
אַ ברעכעניש אין אַלע אברים, און — אַ פייער.

(ציט זיך אויס אויף דער ערד, ליגט ווי אַריינגעפאַלן אין אַ דרעמל. דער אַקערער גייט פאַרביי מיט זיין אייזל און אַקער. רעדט צום אייזל)

**אַקערער:**

איך פרעג דיך, גוטער ברודער מיינער דו,
צו וואָס האָסטו געדאַרפט דאָס פריערדיקע שפּרינגעניש,
פאַרשאַפן מיר אַזויפיל שרעק, אַרויסגיין פון דיין שפאַן,
און טאָן אַזוינס וואָס איז אינגאַנצן ניט בדרך הטבע?
ווי פאַסט עס גאָר פאַר דיר, דו שטילער פריינד?
איך פרעג דיך, זאָג מיר, אייזל מיינער, ענטפער מיר אַ וואָרט.
אַז אַלץ אַרום האָט מיטאַמאָל גענומען דרייען זיך,
באַדאַרפסטו אויך זיך נעמען דרייען? — כ׳פרעג דיך:
צי דאַרף מיין שטיקל פעלד ניט זיין פאַרזייט?
איך פרעג דיך, אדרבה, נעם, באַרעכן,
דו פריינד געטרייער, גינציקער, געדולדיקער —
אַז וואו וואָלט איך גענומען ברויט צום עסן?
אַז וואו וואָלט איך גענומען שפּייז פאַר דיר?
ווייל אַז מען האָט קיין ברויט ניט — הונגערט מען,
און אַז מען הונגערט שטאַרבט מען דאָך. צי ווייסטו ניט?
אַוודאי ווייסטו, — ווייל עס קאָן ניט זיין דו זאָלסט ניט וויסן! —
איז פרעג איך דיך, און ענטפער מיר מיט שכל:
צי האָב איך דיך אַמאָל געקריוודעט אַזוי שטאַרק
אַז דו זאָלסט דאַרפן טראָגן גרימצאָרן אויף מיר?
צי גיב איך ניט אין צייט קיין עסן דיר?
צי זוך איך ניט פאַר דיר די בעסטע לאָנקע?
צי פיר איך דיך ניט טרינקען אָפט צום ברונעם?
איך פרעג דיך, גוטער פריינד מיינער פון שטענדיק.

אַז מענטשן האָבן ליב נאָר לידיקגייערײ,
און זוכן טומל נאָר, און ליאַרעם נאָר;
דערשמעקן זיי אַן אומגליק וואו. אַ צרה, צי אַ קריג,
גלייך טראָגן זיי זיך אַן ווי פליגן אַרום האָניק.
איז, מילא, זיי — די פוילענצער, די לידיקגייער. אָבער דו,
ווי קומט עס גאָר צו דיר? — דו שווייגסט? נו גוט,
כ'וועל אויך ניט ריידן מער, און זאָל זיין שלום צווישן אונדז,
אַזוי ווי צווישן מיר און אַלע גוטע געטער. קום, מיין פריינד.

(אַפּ מיטן אײזל. יצחק זעצט זיך האַלב אויף)

יצחק:

אַ חלום־פייער נעמט אַרום מיין קאָפּ,
אַ פלאַקער שפרייט זיך איבער גאָר דער ערד.
אַ וויטקייט — אַ צעעפעניש פון אַלע זייטן,
אַן אויסגעשפרייט פון שטורעמדיקן מדבר,
און קעמלען הוידען זיך מיט אויפגעשפיצטע האָרבן,
און שנידן זיך אַריין אין ברענענדיקן הימל.
און איך קום אָן אַנטקעגן זיי אין סאַמע מיטן שטורעם.
און מדבר איז ניט מדבר מער. נאָר לויטער פלאַמען,
און אויף די קעמלען זיצט — ווער זיצט אויף זיי?
אַ פרוי? מיין כלה? רבקה איז איר נאָמען? רבקה?
וואָס שווייגסטו, אליעזר? זאָג, ווער זיצט אויף זיי?
ווער רופט מיך און ווער שרייט צו מיר נאָך הילף
אין אויפגעשטורעמטע, אין פלאַמיקע יסורים? — אליעזר!

(שטרעקט אויס זיינע הענט איבער דער ערד און איז אינגאַנצן
פאַרכאַפּט פון אַ זעאונג וואָס ער זעט, ווי אַזוי רבקה און אליעזר
רייטן אויף זייערע קעמלען דורכן מדבר, רייטן אַקוראַט אַנט־
קעגן אים)



# ב י ל ד   פ י ר

# בילד פיר

(מדבר. רבקה און אליעזר אויף קעמלען).

**רבקה:**

וי לאַנג נאָך וועט דער מדבר־זאַמד זיך ציען
נאָך וואַנדערן דורך אים אַזויפיל טעג?
די זון טוט שאַרפער היינט אָן רחמים גליען,
כ'בין, אליעזר, מיד פון לאַנגן וועג.

**אליעזר:**

זאָל שטאַרקן זיך מיין האַרינטע און גלויבן,
אַז ס'וועט צום מדבר נעמען באַלד אַ סוף.

**רבקה:**

איך זע, ווי ס'נעמט אַ שטורעמווינט זיך הייבן
אויף שוואַרצע פליגל ווי אַן אַנזאָגער פון שטראָף.

**אליעזר:**

דאָך ניט דאָס ערשטע מאָל, מיין האַרינטע, אַז וויכער
זאָל אָנקומען און זיך צעווירבלען. אָבער גיך
ווי ער צעשטורעמט זיך, אַזוי נאָך גיכער
פאַרשווינדט ער.

**רבקה:**

אָבער זע דאָס מאָל ווי כ'קריך
צוזאַמען מיט מיין קעמל, ווי כ'וואָלט זינקען
אין טיפעניש פון זאַמד, און כ'האָלט קוים איין

מיין אָטעם. ווייל פון אַלע זייטן ווינקען
אַזוינע פּייערדיקע אויגן פול מיט פּיין.

**אליעזר:**

מיין האַרינטע איז היינט עפּעס באַזונדער
צעשראָקן, גאָרניט ווי איר טבע אַלעמאָל.

**רבקה:**

אין מיינע פרייד־דערוואַרטונגען אויף גליק און וואונדער
פאַרנעם איך היינט גאָר אומגעריכט אַ טרויער־קול.
מיין חתן קען איך ניט. צי זאָל פון אים דער טרויער
צו מיר דערטראָגן זיך פון וויטקייטן אַהער?
איך זאָג עס, אליעזר, אָן באַדויער; —
אַז דו ביסט ליב, איז ליב געוויס אויך ער.

**אליעזר:**

מיין האַרינטע זאָל גלויבן, זאָל געטרויען,
אַז יצחק וועט איר פרום אַנטקעגן גיין,
אַז זי, פון אַלע אויסדערוויילטע פרויען,
אין זיינע אויגן וועט געפינען לויטער חן.

**רבקה:**

אַ דאַנק דיר, אליעזר, פאַר די גוטע ווערטער,
דו טרייסט מיין האַרץ וואָס איז מיט אומרו פול.
אָ זאָל שוין אָנקומען דער פרייד־טאָג דער באַגערטער
אַריינצוטרעטן אין מיין חתן יצחקס גבול.
נאָר זע — שוין ווידער! — פון די העלע הייכן
אַ שטורעם־פינצטערניש נעמט נידערן אַראָפּ,
און פון די דונער־אויסברוכן אַ האַנט נעמט גרייכן
מיט פייער־בראַנד, און נעמט אַרום מיין קאָפּ.

**אליעזר:**

איצט קומט טאַקע אַן אמתער געוויטער,
מיר מוזן זיך אַרונטערלאָזן אויף די קני,



די קעמלען אונדזערע, אין שיצונג אין געניטער,
זיי ווייסן שוין ווען אויסצוציען זיך און ווי.

(שטורעם. זאַמד־וויכערס. אויפבליצן. די קעמלען קניען צו דעם זאַמד. רבקה און אליעזר צווישן די קעמלען. שטורעם האַלט אָן אַ פּאָר רגעס. לאָזט נאָך)

**רבקה:**

צי דאָס איז אַ געוויינלעכער מין שטורעם —
איך ווייס ניט. אָבער כ׳הער אַ מענטשנס קול
פון ערגעץ, — אַזאַ וויי־געיאָמער פון יסורים.
וואָס זאָל עס מיינען? — הער, פון מאָל צו מאָל
ווערט שטאַרקער און ווערט נענטער דאָס געיאָמער.

**אליעזר:**

כ׳בין מודה, — איך פאַרשטיי ניט וואָס דאָס מיינט.

**רבקה:**

איך קאָן ניט איינליגן פאַרשטיקטערהייט. — אָ לאָמיר
זיך אויפשטעלן, ווייל קלאָר אַז עמיץ וויינט.

**אליעזר:**

אַ דוכטעניש, מיין האַרינטע, — ניט מער.

**רבקה:**

צי ביסטו זיכער, אליעזר?

**אליעזר:**

ניין, איך קאָן ניט זאָגן
מיט זיכערקייט, ווייל אָט פאַרנעמט אויך מיין געהער
אַ שטייגונג און אַ פאַלונג פון אַ קלאָגן. —
צי זאָל דער שטורעם־וויכער אָנטראָגן אַהער
אַ מדבר־וואַנדערער וואָס ווערט פאַרשאָטן?

**רבקה:**

זע, זע — ס׳וואַקסט אויס אַנטקעגן אונדז אַ מאַן

מיט שנעלן גאַנג, ווי זיינע פיס וואָלטן געטראָטן
אויף גלאַטן באָדן. אַזאַ גרינגקייט אין זיין שפאַן.
ער רייסט דעם שטורעמווינט אויף צוויי פונאַנדער
און לייגט אין רו אָוועק דעם זאַמד צוריק.
אַ, אליעזר, — ער איז ניט קיין מענטש פון וואַנדער,
עס ברענט אַ וואונדער־פייער אין זיין בליק.

(יצחקס געשטאַלט וואַקסט אויס אַנטקעגן די')

באַשיץ מיך, אַליעזר!

**געשטאַלט:**

איך טו דיר ניט קיין שלעכטס,
ניט דיר און ניט דיין דינער אליעזר.

**רבקה:**

ער רופט דיך אָן ביים נאָמען, אליעזר!

**געשטאַלט:**

אויך דיך ביים נאָמען: רבקה, נחורס טאָכטער.

**רבקה:**

(אין פחד)

באַשיץ מיך, אליעזר!

**געשטאַלט:**

האָב ניט מורא, רבקה.

איך קום נאָר אָנזאָגן אי דיר, אי דיין באַגלייטער,
אַז טעג פון גאָט־התגלות זיינען אָנגעשטאַנען
פאַר אַלע מענטשן אויף דער ערד און אויך פאַר דיר,
גראָד ערב דיין דערנענטערן זיך צו דיין נייער היים,
צו די געצעלטן פון דיין אומרואיקן חתן.
דיין חתן איז ניטאָ אין זיין געצעלט היינט.



**רבקה:**

וואו איז ער דען?

**געשטאַלט:**

אין שאָטן פון אַ קריג מיט גאָט איז ער.
און גאָר זיין האָרץ איז איצט געווענדט צו דיר, —
אַז דו, זיין כלה, זאָלסט אים ברענגען פרידן.
ער קען דיך ניט, — ער קען אָבער דיין שטאַם,
וואָס איז דער שטאַם אויך פון זיין אַלטן פאָטער.
אין גרויסער אומרו זיינער האָט ער זיך געלאָזט
אין וואָגל־וועג, צום קוואַל פון מענטשלעכע יסורים;
אַן איינגעבראָכענער אין זיך, אין טיף פון פיק,
מיט אויגן אויפגעהייבענע צו דיר — זיין כלה —
באַגערט ער אַז דו זאָלסט דערזען זיין בענקשאַפט
אפילו פון דערווייטנס. אליעזר דיין באַדינער
קאָן גוט זיין בענקשאַפט און זיין שאַרפן טרויער
פון יענע טעג נאָך ביי דעם באַרג מוריה.

**רבקה:**

באַשיץ מיך, אליעזר, פונעם פחד.
צי זעסטו און צי הערסטו אויך וואָס איך?

**אליעזר:**

איך זע און הער, מיין האַרינטע. ניט שרעק זיך.
דער שטורעם שטילט זיך איין, און די געשטאַלט
וואָס רעדט צו דיר איז אַ געשטאַלט פון פרידן
און ניט פון גרויל, ווי ס'האָט זיך אונדז געדוכט.

**רבקה:**

דו זעסט וועמען אין פנים?

**אליעזר:**

ניין, קיין פנים זע איך ניט,
דער קול אָבער איז מיר באַקאַנט און היימיש,
כמעט ווי יצחקס קול. —

**רבקה:**

וואָס רעדסטו, אליעזר?
ווי קאָן עס זיין? ווי קומט אַהערצו יצחק?
צי איז עס ניט אַ דוכטעניש, אַ חלום?

**געשטאַלט:**

ניט קיין חלום. —
אַ זעאונג אויף דער וואָר פון איינעם
וואָס שטייט אַרומגערינגלט מיט אַ מחנה מענטשן,
ווי ער געליטענע, נאָר ניט ווי ער געפּרואווטע,
ווייל ער האָט שוין דערהערט אין זיך גאָטס קול,
און זיי — נאָך ניט. ער הערט אויך איצט
דעם שטורעם אַרום דיר — זיין כלה —
און זעט צום צווייטן מאָל אַ גאַנג צו אַן עקידה.

**רבקה:**

ווער גייט צו אַן עקידה?

**געשטאַלט:**

דו — זיין כלה.
צי ווייסטו וואָס עקידה מיינט?

**רבקה:**

(וויינט)

אַ פּחד נעמט מיך דורך.

**געשטאַלט:**

עקידה מיינט — דער גאַנג דורך טויט צום לעבן,
אַ גאַנג דורך טויט וואָס איך האָב שוין פאַרזוכט.
דעריבער זיי אויך דו געגרייט אויף טויט־יסורים,
נאָך אײדער דו קומסט אָן צו די געצעלטן פון דיין חתן.

**אליעזר:**

ניט וויין, מיין האַרינטע.



**רבקה:**

איך קען דאָך אים אפילו ניט.

**געשטאַלט:**

אויך ער, דיין חתן, קען דיך ניט דערווײלע,
פונדעסטוועגן איז אים אַנטפּלעקט שוין אייער ביידנס גורל,
און אויך דער גורל־גאַנג פון אייערע קינדער.

**רבקה:**

מיין האַרץ פאַרגייט אין מיר.

**געשטאַלט:**

ניט פּייניקן דיין האַרץ איז מיין כוונה,
נאָר גראָד פאַרקערט — דאָס האַרץ דיר גרייט מאַכן
פאַר פּיין וואָס דאַרף ערשט קומען, און דורכדעם
אויך גרייט מאַכן פאַר דיר די ל ו י ט ע ר ק י י ט פון פּיין.
דיין מזל רעדט צו דיר אַזוי צו זאָגן:
דיין לעבן ווערט פאַרבונדן מיטן לעבן פון אַ מאַן
וואָס האָט שוין איבער זיך געזען גאָטס מעסער,
און איז דורכדעם געוואָרן גאָטס אַ בחיר,
און דו וועסט אויך אַן אויסדערווײלטע ווערן.
עס וועט באַשערט דיר זיין צו טראָגן אין דיין אינגעווייד
צוויי זין, וואָס וועלן ווייטאָקדיק זיך שטויסן
אין דיר נאָך פ אַ ר דער רגע פון געבוירן ווערן.
צוויי זין — צוויי פעלקער. און אויף ביידן
וועט הויערן דעם טאַטנס גרויסער טרויער.
ס׳וועט איינער טרייבן פון זיין האַרץ דעם טאַטנס טרויער:
אַ בייזער, האַרטער יעגער וועט ער זיין,
און ראַנגלען זיך מיט וועלף, מיט לייבן און מיט טיגערס
און זיין ווי זיי — מיט ציין און נעגל — אַ פאַרצוקער:
דער צווייטער גראָד וועט איינזאַמלען דעם טרויער
און טראָגן אים אין אַלע אברים אויף געדויער,
ווי גאָר אַן אויסדערווײלטן גאָט־געשאַנק,
און איבערגעבן אים צו אַלע זיינע ווייטע דורות.

**רבקה:**

(ווײנט נאָך שטאַרקער)

**געשטאַלט:**

ניט וויין. און חידוש זיך ניט, רבקה, כלה —
וואָס סודות ווערן דיר אַנטפּלעקט באַצייטנס;
דאָס קומט דער טרויער מײנער דיר אַנטקעגן,
ווען איך אַלײן בין נאָר אַ קול דערווײלע פונדערווײטנס.
מײן וואָרע נאָענטקײט וועט ערשט קומען,
ווען מיר דערזען גאָטס פּנים ווען בײדע
אויף  אַ ל ע מ אָ ל  און ניט נאָר בשעת שטורעם,
און ניט נאָר בשעת פּחד פון עקידה.
דעריבער, רבקה, זעץ צוריק זיך אויפן קעמל,
און לאָז זיך ווײטער דורך די מדבר־וועגן. —
מיר זאָגט דאָס האַרץ אַז איך וועל ניט פאַרמײדן
צו קומען אויף אַן אמת דיר אַנטקעגן,
צו קומען אָנגעפילט מיט לויטער שמחה
און ניט, ווי איצט, אין אײנבראָך פון פאַרקלעמונג,
ווען כ׳פאַל אין אוממאַכט אויף מײן פּנים,
און ס׳ווײנען מײנע ווערטער אין פאַרשעמונג.
אַ, אליעזר, היט און שיץ מײן כלה,
און ברענג זי צו מײן גבול אין יענע שעה׳ן,
ווען כ׳וועל שוין האָבן אויסגעטרונקען, ווי באַשערט מיר,
צום צווייטן מאָל דעם בעכער פון נסיון.

(געשטאַלט אָפּ. רבקה און אליעזר לאָזן זיך רייטן ווײטער)



ב י ל ד  פ י נ ף

## בילד פינף

(איוב ליגט איינגעטיפט אין אַ בערגל אַש, ווי אַריינגעזונקען. פון דער זייט קוקנדיק זעט מען אים ניט אַרויס. ער ליגט אין גרויסע ענויים. זיין גוף און זיין פנים זיינען אויפגעלאָפן אין וואונדן און געשווירן. ער קאָן אַמאָל אויפהייבן די הענט, אָבער דעם גאַנצן גוף זיינעם קאָן ער ניט רירן. זיין קאָפּ האָר און לאַנגע גרויע באָרד ווילד צעשויבערט. איבער אים איז אויפגעצויגן אַ ביידל. אויף אַ שטיקל שטיין — אַן אויל־פּייערל אין אַ קריגל פלעמלט קוים. שפּעט אין דער נאַכט. זיין פרוי, אַן אויפגעצאַרנט־פאַרצווייפלטע, שטייט איבער אים צוקאָפּנס. אָפּגערוקט אַן אַ זייט זיצן אויף דער ערד איובס דריי פריינט — אליפז, בלדד און צופר. איוב טענהט מיט אַ שאַרפן יאָמערנדיקן קול, וואָס ברעכט זיך פון רגע צו רגע איבער. אַ סימן, אַז דאָס געשריי זיינס האַלט אַן פון פריער און מאַכט דורך מידקייט. ער טענהט שוין אַזוי אַ גאַנצן מעת־לעת. ער האַלט אין איבערחזרן זיינע ווײ־ווערטער. אָט איז זיין קול שטורעמדיק, און אָט פאַלט ער אַרונטער אין אַ פאַרגיין, אין אַ מידן קרעכץ ווי אין אַ גסיסה־צושטאַנד. מיטאַמאָל ווידער אין אַן אויפשטורעם אַן אַ סימן פון געוויין. און אָט ווערט זיין קול שטיל־תפילהדיק, קוים־קוים צו הערן).

**איוב:**

**אַז אונטערגיין זאָל דער טאָג**
**וואָס איך בין געבוירן געוואָרן אין אים,**
**פאַרשאָלטן זאָל זיין די נאַכט וואָס האָט אָנגעזאָגט**

אַז אַ ייִנגל איז אַנטפֿאַנגען געוואָרן.
יענער טאָג זאָל זייַן חושך.
ניט פֿרעגן זאָל אויף אים גאָט פֿון אויבן,
און ניט שייַנען זאָל אויף אים אַ ליכטיקייט.*)

**ווייַב:**

שילסט ווידער און ווידער נאָר זיך;
פֿון נעכטן אָן די זעלבע רייד.

**איוב:**

הער אויף כאָטש דו מייַן האַרץ צו מאַטערן.

**ווייַב:**

דייַן קול אָט דער איז מיר דערווידער.
שילט גאָט, — ניט זיך!

**איוב:**

אַז ווײַ אַזוינס צו הערן.

**ווייַב:**

דער פּחדן רעדט פֿון דיר אַרויס.
ווייל אויב גאָט וויל אַז דו זאָלסט שטאַרבן
אומזיסט און אומשולדיק ווי אונדזערע קינדער,
שילט גאָט — און שטאַרב!

**אליפֿז:**

אַז ווײַ אונדז אַלעמען אַזוינס צו הערן.

**בלדד:**

ניט אַנדערש אַז זי רעדט פֿון זינען.

**ווייַב:**

איך הייס אייך גיין פֿון דאַנען, פֿרייַנד געטרייַע!
איר פּייַניקט אים מיט פֿרומע פּלוידערייַען,

*) די שורות, וואָס זייַנען גענומען פֿון תנ״ך־טעקסט, זייַנען בעגעבן על פּי יהואש.



און ער — מייַן פּחדן, טוט דאָס זעלבע:
אַנשטאָט צו אויפֿהייבן אַ פּויסט אַנטקעגן גאָט,
פֿאַרנעמט ער זיך מיט שילטן זיך אַליין.
זינט נעכטן אָוונט, אַז ער חזרט איבער נאָכאַנאַנד
די זעלבע טענות און די זעלבע שאלות.
איך רעד פֿון זינען, זאָגט איר? — יאָ, איך ווער משוגע
פֿון צוזען זייַנע מאַטערנישן און ניט קאָנען העלפֿן.

**איוב:**

פֿון מייַנע ביטערנישן רופֿ איך און איך בעט:
ניט רעד, מייַן ווייַב, אַזוינע רייד.

**ווייַב:**

אויב דו האָסט ניט קיין מוט צו אויפֿהייבן אַ האַנט
אַנטקעגן גאָט דעם אכזר־האַר, וועל איך עס טאָן.
כ׳וועל וואַרפֿן שטייַנער שפּיציקע אין אים,
און זאָל ער זיי צוריקוואַרפֿן אויף מיר —
אין טויט אַרייַן! אַ קללה און אַ סוף!
כ׳וועל גיין אַהין וואו מייַנע קינדער ליגן,
אַהין — אין שוואַרצן פּייַער וועל איך גיין,
צו מייַנע אומגעקומענע פֿאַרברענטע קינדער.

(אָפּ)

**אליפֿז:**

אַז ווײַ, אַז ווײַ.

**איוב:**

אין טויט אַרייַן, האָט זי געזאָגט. — אַ סוף?
אויך מייַן באַגער איז — שטאַרבן.
ווייל אײדער די צעפּוילעניש פֿון מייַנע בייַנער
איז בעסער שוין דער טויט.
איך טענה, — אָבער ניט אין לעסטערונג,
איך שרייַ אין מייַן גערעכטיקייט:
כ׳בין אומשולדיק!

**אליפז:**

פֿאַרנעם אַז ווידערשפּעניקונג די ווערטער אונדזערע.

**איוב:**

אַ גאַנצע נאַכט האָט איר געהאַלטן אין איין רעדן,
פֿאַרשאָטן מיך מיט ווערטער שטראָפֿנדיקע, שאַרפֿע.
פֿאַרוואָס ווילט איר ניט הערן מיינע רייד?
צי זעט איר ניט אַז גאַר מיין אינגעווייד צעפּלאַצט,
ווי ס'ווערט צעפּלאַצט אויף מיר מיין הויט?

**בלדד:**

צי האָסטו ניט גערעדט נאָך מער ווי מיר
זינט נעכטן נאַכט?

**צופֿר:**

אויף אונדזער קלענסטן וואָרט
האָסטו מיט זיבן ווערטער אָפּגעענטפֿערט.

**אליפז:**

און מיר האָבן מיט אָפּשיי זיי פֿאַרנומען,
ניט ווייניקער ווי מיר פֿאַרנעמען די יסורים דיינע.

**איוב:**

איר זענט דאָך איצט אפֿילו פֿול מיט אומגעדולד
צו שלינדערן אין מיר די גיפֿט־פֿילן פֿון טאַדל.
וואָס קענט איר אָבער זאָגן מער און ביטערער
פֿון דעם וואָס איר האָט שוין געזאָגט צו מיר?
אַז איך בין צופֿיל שטאָלץ אין זיך,
אַז איך פֿאַרשטיי ניט גאָטס געהיימע דרכים,
אַז איך בין מוטוויליק און האַרטנעקיק, —
דאָס האָב איך שוין געהערט פֿון איך.

**בלדד:**

דו רעדסט אַפֿילו איצט מיט צופֿיל גאווה.



**איוב:**

כ'זאָל רעדן, ווילט איר, מיט אַראָפּפֿאַל קעגן איך?

**בלדד:**

אוי, איוב, גוטער פֿריינד — אַ זאָל דיין ווייטאָק
ניט טונקל מאַכן דיין פֿאַרשטאַנד.

**איוב:**

צי דאָס וואָס א י ר ווייסט אַלע —
איך פֿרעג איך נאָכאַמאָל — ווייס א י ך ניט?
און אויב איך טענה — טענה איך צו גאָט,
צו דעם אַלמעכטיקן; צו אים און ניט צו איך.
איך האָב געשריען און כ'וועל ניט אויפֿהערן צו שרייען;
אַ ערד, דו זאָלסט ניט צודעקן מיין בלוט!

(פֿון דרויסן דערטראָגן זיך אָפּרוף־ענטפֿערס)

**קולות:**

— מיר וועלן ניט לאָזן צודעקן דיין בלוט!
— מיר וועלן ניט לאָזן! ניט לאָזן!

**אליפז:**

דאָס שרייען פֿרעמדע, ווילדע קולות, איוב.

**איוב:**

זאָל אומעטום, צו אַלעמען זיך טראָגן מיין געשריי.

**קולות:**

— ער טראָגט זיך אומעטום!
— ער גרייכט אונדז אומעטום!
— שריי העכער נאָך! שריי העכער!
— קיין רגע זאָל ניט אויפֿהערן דיין וויגעשריי!

**איוב:**

צי לעבעדיקע מענטשן טאָקע ענטפֿערן מיר?
צי נאָר מיר דוכט זיך עס אין פֿייער פֿון מיין דמיון?

**אליפז:**

אַז אַנגעלויף פון אַ פאַרגרויליקטן המון —
פון בלינדע, מצורעים און חולאים.

**בלדד:**

די קולות דיינע האָבן זיי צענויפגעבראַכט אַהער.

**צופר:**

שטעל אָפּ כאַטש אויף אַ וויַיל דיין ביטערניש.

**איוב:**

איך בעט איך — נעמט אַוועק פון מיר די צינגער אייערע.
כ'וויל זיין אַליין. פאַרלאָזט מיך.

**אליפז:**

ווי קאָנען מיר דיך איבערלאָזן?

**איוב:**

אַז וואָס איך זאָג — געפעלט איך ניט.
מיין וואָרט איז ביטער ווייל מיין וואָרט איז אמת,
און איר זענט פאַלשע טרייסטער; אויך די זאַלבן אייערע —
נאָר פאַלשע שמירעכצן. איך דאַרף זיי ניט.
גיט בעסער מיר צוריק די האַרטע שערבלעך
צו רייסן און צו אויפקראַצן די וואונדן מיינע.

**אליפז:**

פאַרשעמסט אונדז און באַלידיקסט אונדז.
דו קאָנסט ניט וויסן צי דו וועסט אַליין אַמאָל נאָך
ניט דאַרפן שעמען זיך פאַר דיינע איצטיקע געשרייען.

**צופר:**

אויב יאָ אַזוי — וועל איך אויך פריילאָזן מיין ביטערניש
נאָך אַלע רייד וואָס מיר האָבן גערעדט צו דיר דורך לאַנגע שעהן.
דעם גאַנצן סדר פון דער וועלט האָסטו צעשטערט.
דורך דיינע קולות איז אין מענטש אַריין אַ ווילדער רוח,
און אויך אין פיך, און אויך אין חיות.



**בלדד:**

און אויך אין וויינגאָרטן און אויך אין ברונעמער.
און פייגלען זאַמלען זיך אין גרויסע מחנות
און דעקן אַלע פעלדער צו ווי היישעריקן.
און חיות נעמען רעדן פונקט ווי מענטשן.
אפילו שעפסן עפענען פונאַנדער גרויסע מיילער.
אפילו טויטע, זאָגט מען, שטייען אויף און טענהן.

**צופר:**

און גרעסער נאָך פון אַלע שרעקן איז די שרעק
פון איינרייַדעניש, פון פאַלשע זעאונגען —
ווי מענטשן ווערן גאָר אין שלענג מגולגל,
אין וועלף, אין אייזלען און אין שוואַרצע ציגן.

**אליפז:**

און שרעקלעכער פון אַלץ איז אָט די אַנזאַמלונג
פון מענטשן־אָפּפאַל דאָ אַרום די פעלדער דיינע;
פאַר זיי וועסטו באַזונדער בלייבן שולדיק,
ווייל אַלע ליגן זיי און וואַרטן און דערוואַרטן עפּעס
פון דיר און פון דיין צאָרן־יאָמער.

**איוב:**

(אין נייעם אַנפאַל פון גרויסע יסורים)

מיין מאַרך ברענט אין מיר.
פון היץ צעפאַלט זיך מיין געביין.

(זיינע בײדע הענט הייבן זיך צו דער הייך)

איך רוף דיך ווידער, גאָט, צו משפט!
זינט נעכטן נאַכט איך רוף דיך; — קום אַראָפּ
און לאָמיר זיך אָפּן משפטן!

**אַלע פריינט:**

(אין פחד)

הוי וויי, הוי וויי! די זעלבע לעסטערונג!

**קולות:**

(פון דרויסן)

אַז וואויל געבענטשט זאָל זײַן דער בעל־יסורים,
וואָס רופט צו משפּט גאָט אַליין!

(די קולות נענטערן זיך צום געצעלט)

**אליפז:**

זיי שפּאַרן זיך אַהער. ניט לאָזן!

(אַלע דריי פרײַנט אײַלן אַרויס. געטומל — אַט נאָנט און אַט ווערט עס דערווײַטערט. ווערט אײַנגעשטילט. איובס הענט לאָזן זיך אַראָפּ בּיסלעכווײַז. זײַן קול קוים צו הערן).

**איוב:**

איך רוף דיך און דו ענטפערסט מיר ניט,
איך פרעג דיך: פאַרוואָס קומען מיר יסורים?
פאַרוואָס ציסטו נאָך פונאַנדער מײַנע ווייטאָקן
און שטעלסט ניט אָפּ מײַן אָטעם מיט איין מאָל?

(זײַן קול האַקט זיך אָפּ. ער בלײַבט ליגן פאַרחלשט. עס הינקט אַרײַן דער שטן — אַ בעטלער אויף קוליעס, רוקט זיך צו איובן, קוקט זיך אײַן אין אים, זעט אַז ער ליגט פאַרחלשט, פרעגט מיט אַ זיסער שטימע)

**שטן:**

דו שלאָפסט, מײַן האַר?

(איוב ענטפערט ניט. שטן רוקט זיך אָפּ אָן אַ זײַט. רעדט צו זיך אַליין)

זײַן אָטעם איז אַביסל אָפּגעהאַקט. אַביסל. גוט אַזוי.
ער שלאָפט ניט, נאָר ער ליגט פאַרחלשט. גוט אַזוי.

(גייט צו ווידער, קוקט זיך אײַן און ציט זיך ווידער צוריק)



ביז וואַנען ער וועט זיך דערוואַרטן אויף אַ שלאָף אָן אמתן —
אַ רואיקן, אָן ווייטאָקן און אָן יסורים, — זאָל ער זיך
דערווײַלע אָנזעטיקן געגנוג מיט שולד־צעמישעניש
אין רעכטן מיטן פון זײַן טענה וועגן אומשולד,
און דעמאָלט וועט ער ערשט דערזען זײַן אייגענע פאַרשעמטקייט
און טיף אַרײַנפאַלן אין ביטול צו זײַן אייגענעם געשריי;
און גאָט דער האַר אַליין וועט דעמאָלט זען,
אַז אויך די געטלעכקייט מעג זײַן באַשיידענער אַביסל,
ווײַל ניט נאָר גאָטס באַשעפענישן, נאָר אויך גאָט אַליין
מעג ווען ניט איז זיך אָפּטונקען אין תהומיקייט פון ביטול.

(גייט ווידער צו נענטער צו איובן, רעדט ווייך)

דו שלאָפסט, מײַן גוטער האַר?

(איוב ענטפערט ניט. שטן, צופרידן, רוקט זיך אויף צוריק)

איך זאָג דיר, גאָט, אַז אויב דער מענטש איז שולדיק, —
און דאָס איז דאָך אין תוך דײַן געטלעכער באַגער:
דער מענטש זאָל זײַן אין דער מדרגה פון אַ שולדיקן, —
ביסטו ניט ווייניקער, און אפשר מער נאָך, שולדיק.
אויב דו מעגסט שטעלן אים, דעם מענטשן, צו נסיון, —
און דאָס איז דאָך אין תוך דײַן שטענדיקע כוונה, —
פאַרוואָס זאָל אויך דער מענטש ניט שטעלן צו נסיון ד י ך?
מײַן ערשטער שפּיל־געדאַנק איז שוין אַוועק פון מיר
אין אָנגעזיכט פון דעם פאַרדרייטן ערנסט,
וואָס כ'האָב דערזען אין די צענויפגעלאָפענע פאַרגרווילטע מחנות.
זיי גיבן מיר אַ שליסל צו גאָר נײַע פּרוּוואונגען.
אין אָט די מחנות ליגט דײַן דורכפאַל, איוב;
אין זיי און ניט אין גאָט; ווײַל זיי זײַנען יסורימדיקער
פון אַלע דײַנע ווייטאָקן און ווייגעשרייען.
אַנטקעגן זיי ביסטו נאָך שפּלער ווי קעגן גאָט.
איז גוט וואָס אָט דער רעיון האָט מיט פולער שאַרפקייט
אַרומגעכאַפּט מײַן מח און אים דורכגעלויכטן.
און נאָך אַ רעיון נעמט מיך דורך אין דער מינוט:

אויך זיי, די מתנות, ווערן אויפגערודערט און פאַרכאַפּט
אין יושר־שטראָם נאָר דעמאָלט ווען זיי זיינען מ ח נ ה ;
אין זיך אַליין אָבער האָט יעדערער פון זיי נאָר זיך אין זינען.
און איינער צו דעם צווייטן איז געמיין און האַרט.
ניטאָ אין זיי די אינעווייניקסטע פייך־באַהעפטונג,
ווי כ׳מערק עס אין דיין תם — אין דעם עקידהניק.

(גייט ווידער צו צו איובן)

דער בעל־יסורים, זע איך, לייזט זיך אויף אין זיינע ליידן —
צי מיינט עס אָבער אַז ער לייזט זיך אויף אין גאָט?

(ביגט זיך איבער אים)

דו שלאָפסט, מיין גוטער האַר?

(איוב ענטפערט אַלץ ניט. שטן טרעט אָפּ אַהינטער)

ער ליגט נאָך אַלץ אין אוממאַכט. זאָלן אים באַצייטנס
אַרומנעמען חלומות, ווי מיט רגעס פריער — די יסורים.
ער ליגט איצט שטיל. זיין פריערדיקער יאָמער
וועט סיי ווי סיי אים נאָכגיין ווי אַן עכאָ אייביק.
דעריבער קאָן איך ש ו י ן אפילו אָנהייבן
צו מאַכן לייכטער אים די ווייטאָקן אַביסל.

(גייט צו צו איובס צוקאָפּן, מאַכט מיט דער האַנט קרייזן אַרום
אים. רוקט זיך אָפּ צום אַרויסגאַנג. איוב עפנט די אויגן. דינע
יסורים האָבן עטוואָס נאָכגעלאָזט)

**איוב:**

איז עמיצער דאָ מיט מיר?

**שטן:**

(רוקט זיך צום אַרויסגאַנג. שווייגט)

**איוב:**

איך פרעג — צי עמיצער איז דאָ?



**שטן:**

(ענטפערט ניט, פאַרשווינדט)

**איוב:**

געהערט, דוכט זיך, אַ קול וואָס האָט געפרעגט
צי כ׳לייז זיך אויף אין גאָט דעם האַר?
פאַרוואָס זשע שווייגסטו, גאָט, און ענטפערסט ניט
אַז יאָ — אַז אמת — אַז איך לייז מיך אויף אין דיר.

(עס שלייכט זיך אַריין מיט אַ ציטעריקער שטילקייט יצחק. ער
וואָגט ניט צוגיין צו איובס געלעגער)

איך הער דאָך טריט, איך הער דאָך עמיצנס אַן אָטעם.

**יצחק:**

(מיט פּחד אין זיין קול)

אַ זאָל מיין האַר ניט צאָרענען אויף מיר.

**איוב:**

צי האָב איך כח נאָך צו צאָרענען,
אַז כ׳קאָן אַפילו שוין קיין האַנט ניט אויפהייבן.
קום־צו צו מיר, איך זאָל דיך אָנקוקן.
קום צו, דו אומבאַקאַנטער, ווער דו זאָלסט ניט זיין.

**יצחק:**

(קומט צו, פאַרדעקט זיין פּנים מיט בײדע הענט)

**איוב:**

אַזוי פאַרפאַלן־גרויליק זע איך אויס?

**יצחק:**

מיין האַר זאָל מיר פאַרגעבן.

**איוב:**

צי האָב איך דיך צומאָל שוין ניט געזען?

**יצחק:**

געזען, מיין האַר. אין אָוונט. נעכטן. ביי מיין אָנקומען.

**איוב:**

און איצט איז נאַכט?

**יצחק:**

שוין ווייט נאָך האַלבער נאַכט.

**איוב:**

צי האָסטו נעכטן מיר געזאָגט דיין נאָמען?

**יצחק:**

געזאָגט, מיין האַר. דערציילט אפילו ווער איך בין,
דערציילט אויך ווער מיין פאָטער איז.
כ'הייס יצחק, און מיין פאָטער הייסט אברהם.

**איוב:**

מיין מח איז מיר אָפּגעשוואַכט. כ'דערמאָן זיך קוים.
צי דו האָסט עס דערציילט מיר וועגן אַן עקידה?

**יצחק:**

יאָ, איך.

**איוב:**

צי דו ביסט עס אַליין פון דער עקידה?

**יצחק:**

אָזוי, מיין האַר.

**איוב:**

ניט רוף מיך האַר, נאָר זיידע,
ווייל כ'פיל אין דיר אַ נאָנטקייט און אַ וואַרעמקייט.

**יצחק:**

אויב איך געפין אין זיידנס אויגן חן — — —



**איוב:**

נעם בויג זיך נענטער איבער מיר, איך בעט דיך.
דו זעסט דאָך, אַז מיין לייב צעפאַלט אויף שטיקער,
און זעסט דאָך, אַז איך עק מיך, אַז איך שטאַרב.

**יצחק:**

(נויגט זיך איבער אים)

אָ ניין, דאָס ניט!

**איוב:**

נאָך וואָס ביסטו צו מיר געקומען?

**יצחק:**

דעם זיידנס יאָמער־רוף האָט מיך געבראַכט אַהער
צוזאַמען מיט די מחנות וואָס אין דרויסן.

**איוב:**

איז טאַקע אמת אַז עס זיינען אָנגעקומען מחנות?
איז טאַקע מיין געשריי דערגאַנגען אַזוי ווייט?
דו קומסט, דוכט זיך, האָסטו געזאָגט, אַזש פון באר־שבע.

**יצחק:**

דיין וויי־געשריי איז ווייטער נאָך דערגאַנגען;
דער זיידע, בין איך זיכער, וועט אַלץ גובר זיין.

**איוב:**

צי ביסטו ניט צומאָל אַזאַ מין לייכטער טרייסטער
ווי זיי — די פריינד מיינע, די פלאַפּלער?

**יצחק:**

אָ ניין! — אַז איך בין דאָך אַליין נאָך טרייסט געקומען.

**איוב:**

(מיט קראַנקן שמייכל)

צו מיר נאָך טרייסט? — צו מיר דעם נוטה־למות?
ס'איז אמת, אַז מײַן שמערץ האָט מיטאַמאָל אַ ביסל נאָכגעלאָזט,
איך קאָן אַביסל לייכטער אָטעמען. נאָר וואָס באַטייט עס?
מײַן גוף מײַן אויסגעפּייניקטער פאַרגייט סײַ־ווי.
צי דו ביסט אויך אַזאַ צעפּייניקטער ווי איך?

**יצחק:**

איך בין.

**איוב:**

ביסט יונג, און איך בין שוין אַ זקן.
דו הערסט דאָך ווי מײַן קרעכץ גייט אויס.

**יצחק:**

דײַן קרעכץ צעטרייסלט די יסודות פון דער וועלט.

**איוב:**

וואָס ווייסטו וועגן די יסודות, זון מײַנער?

**יצחק:**

כ'וויל וויסן מער, — דערפאַר בין איך געקומען.

**איוב:**

איז אמת טאַקע אַז דײַן אייגענער אַלטער פאָטער
האָט דיך געלייגט אויף אַ מזבח, דיך צו שעכטן?

**יצחק:**

אַזוי האָט גאָט געהייסן.

**איוב:**

אַ מזבח מוז נאָר זײַן פון שטיין,
צי אויך פון אַש איז רעכט?

**יצחק:**

מען דאַרף אַזוינס ניט פרעגן.



**איוב:**

פאַרוואָס?

**יצחק:**

כ'האָב מורא נאָכאַמאָל צו זען עס.

**איוב:**

דו טראַכסט אַז איך בין אויך אויף אַ מזבח?

**יצחק:**

כ'האָב מורא וועגן דעם צו טראַכטן.

**איוב:**

ניט האָב קיין מורא. — ביסט געווען געבונדן?

**יצחק:**

אויף בײדע הענט און פיס.

**איוב:**

געשריען?

**יצחק:**

ניין.

**איוב:**

און אויך אין האַרצן ניט געשריען גאָר?

**יצחק:**

מסתמא יאָ.

**איוב:**

צו גאָט געשריען?

**יצחק:**

צו דעם טאַטנס אויסגעשטרעקטער האַנט.

**איוב:**

איז טאַטע ניט געווען דען גאָטס שליח?

**יצחק :**

געווען.

**איוב :**

אין דיין געשריי האָסטו געשאָלטן ?

**יצחק :**

(קוים וואָס מע הערט זיין קול)

**יצחק :**

ניין.

**איוב :**

(אין אויפברויז פון אַן אויפגעקומענעם צאָרן, הייבט אויף די הענט, נעמט וואָרפן מיט זיי)

געלעגן ווי אַ שעפּס און ניט געשריען ? ווי אַ שעפּס ?
אַוועק פון מיר ! אַוועק פון מיינע אויגן !

(פון גרויס אויפרעגונג גיט זיך זיין קאָפּ אַזש אַ הייב אויף און פאַלט גלייך צוריק אַרונטער. דיינע הענט אָבער בלייבן אויסגעשטרעקטע, געקנוילטע. יצחק, פול מיט פּחד, וויל זיך אַרויסרוקן פון געצעלט. איוב רופט צוריק)

ניט גיי אַוועק. פאַרבלייב. קום צו צו מיר.

**יצחק :**

(גייט צו. שוויגט)

**איוב :**

וואָס שוויגסטו ? רעד.

**יצחק :**

אַז מיינע ווערטער ברענגען נאָר פאַרדראָס.

**איוב :**

פאַרגיב מיר. רעד. דערצייל מיר עפּעס נאָך פון דיין עקידה.



**יצחק :**

מיין גיין צו דער עקידה איז געווען נ ס י ו ן.

**איוב :**

פון וואַנען ווייסטו ? ווער האָט דיר געזאָגט ?

**יצחק :**

כ׳האָב נ אָ כ ד ע ם, קומענדיק אַהיים, דערוואוסט זיך
דורך ווערטער ציטערדיקע פון מיין פאָטער,
און — דורכן פּלוצימדיקן שטאַרבן פון מיין מאַמע שרה,
וואָס כ׳הער ניט אויף ביז היינט זי צו באַוויינען.
כ׳בין פול ביז היינט מיט טרויער און מיט טרערן,
און מיט דעם אָנריר פון גאָטס פליגל אויף מיין פּנים.
צי זיינען ניט צומאָל אויך דיינע לײדן
און אויך דיין וואַלגערן זיך דאָ אין חורבן ג אָ ט ס נ ס י ו ן ?

**איוב :**

(מיט נייעם אויפפלאַם אין זיין קול)

נסיון ? — אויסגעפּרוּווט זיין גלאַט אַזוי,
אָן זינד און אָן פאַרברעכן פון מיין צד ?
אויך ד י נחמה איז פאַר מיר ניט קיין נחמה.
אויב לײדן — דאַרף איך וויסן קלאָר פאַרוואָס.
ווייל דיך געבונדן האָט אַ טאַטנס האַנט,
און מיך — די האַנט פון גאָט אַליין.

(לאַנגע פּויזע. יצחק רוקט זיך אָפּ. אַ געוויין נעמט אויפגיין אין אים. ער קאָן עס קוים איינהאַלטן. עס קלעמט אַרויס פון אים. איוב מיט ווייכקייט)

איך הער דיך וויינען מיט אַ שטיל געוויין אַזאַ.

**יצחק :**

איך וויל זיך טיילן מיטן זיידנס לײדן,
מיט זיינע ווייטאָקן — צו איבערנעמען כאָטש אַ טייל פון זיי.

**איוב:**

(ווידער מיט אויפרעגונג)

טאָ נעם און  ש ר י י  ווי איך מיט  מ י י ן  געשריי,
און ניט מיט אַ געוויין וואָס קיינער הערט ניט!
דו ווילסט מיט מיר זיך טיילן, — נעם און לייג זיך
ווי איך אין אַש, און רייס די הויט פון זיך,
אפילו ווען דיין לייב איז פריש און טוט ניט ווי,
און שריי צו גאָט, ווען דו אַליין אפילו דאַרפסט ניט שרייען,
ווי באַלד אָבער ס׳איז דאָ נאָר איינער וואָס עס טוט אים ווי, —
און רוף צו משפט גאָט צוליב אַ צווייטנס פיין,
אפילו ווען דיין אייגן האַרץ איז פול מיט רו,
און יאָמער ווען אפילו דיינע ליפּן ווילן שמייכלען,
אפילו ווען דיין האַלדז וויל זינגען.

**יצחק:**

פאַרגיב מיר וואָס מיין צער איז אומבאַהאָלפן,
און כ׳ווייס ניט וואָס צו טאָן מיט זיך אַליין,
און כ׳ווייס אַודאי ניט ווי דיך צו טרייסטן.

**איוב:**

אַ טרייסט, וואָס קומט ביים סוף, ווען ס׳לעבן עקט זיך,
וועקט אויף אין מיר די ווייטאָקן נאָך שאַרפער,
ווייל וואו איז זי, דיין טרייסט, געווען ביים  א נ ה י י ב ? —
וואָס טויג דיין קומען היינט צו מיר, אויב דו ביסט ניט געקומען נעכטן?
צי זעסטו ניט, אַז כ׳האַלט שוין גאָר ביים סוף?

**יצחק:**

איך זע איצט קלאָר, אַז מיינע ווערטער זיינען דיר דערווידער.
פאַרוואָס זשע ווילסטו ניט אַז איך זאָל דיך פאַרלאָזן?

**איוב:**

(מיט געפאַלענעם טאָן)



ניט טענה קעגן מיר, איך בעט דיך, אומבאַקאַנטער זון.
דערצייל מיר בעסער עפּעס מערער וועגן זיך אַליין.
און מיך פאַרגעס, פאַרגעס. — — — דיין זיין דאָ לעבן מיר
באַרואיקט דאָך אַביסל מיינע ווייטאָקן. — — — דו זאָגסט
אַז דו ביסט פול מיט צער צוליב דיין מאַמעס שטאַרבן,
צי דו ביסט שולדיק אין איר טויט געוועזן?

**יצחק:**

אוי וויי, ווי קומט צום ייִדן גאָר אַזאַ געדאַנק?
צי איך בין שולדיק? — איך? — — — אָט שטייט זי מיר אַנטקעגן.
דריי פולע יאָר שוין אַז איך טראָג אין זיך איר לעצטן אָטעם.

**איוב:**

דערצייל. ס׳איז דאָ עפּעס אין דיר וואָס מונטערט מיך,
כאָטש ביסט געלעגן ווי אַ שעפּס אויף דיין מזבח,
און כאָטש דיין שעפּסישקייט פאַרטראָג איך ניט.

**יצחק:**

צי ניט דערפאַר האָסטו געהערט מיך וויינען,
ווייל כ׳האָב געוואָלט אַרויסוויינען פון זיך
מיין גאַרע שעפּסישקייט? — אין סאַמע אָנהייב נאָר
בין איך אַ שעפּס געווען; ביים סוף אָבער האָט מיך
אַ שעפּס אַן אמתער פאַרביטן כדי צו זיין דער קרבן.
מיין מאַמען אָבער האָט אַ בייזער רוח
געבראַכט די בשורה וועגן מיר מיט אַ געטאָפּלטער כוונה:
צעטויפּגעמישט מיין שטאַרבן מיט מיין בלייבן לעבן,
און ס׳האָט געפּלאַצט דאָס האַרץ אין איר
אין רגע פאַר מיין אָנקומען פון באַרג מוריה.

**איוב:**

און ווייטער?

**יצחק:**

אירע ליפּן האָבן נאָך געשטאַמלט וואָס,
און אירע אויגן האָבן זיך אַריינגעגליט אין מיר

ווי נאָר איך בין די שוועל פון איר געצעלט אַריבער.
אַ זיידע, אומבאַקאַנטער זיידע מיינער,
די אויגן אירע פלאַקערן נאָך היינט אין מיר
מיט זייער רחמימדיקער ציטעריקער ליבשאַפט.
די ליפּן אָבער אירע זע איך איצטער נאָך
אין זייער אויסקרימונג, פאַרלאָפּענע מיט שוים.
זיי ווילן עפּעס ווידער זאָגן, נאָר זיי זאָגן ניט . . .
איך פאַל מיט מיינע ליפּן צו צו אירע,
איך טרייסט זי: מאַמע, זאָג איך, זע — איך לעב,
מיין האַלדז איז גאַנץ, מיין גוף איז ניט פאַרברענט,
דער גוטער גאָט האָט מיך נאָר אויספּרובירט,
און נאָכדעם איז אַ שעפּס געווען דער קרבן. — — —
אַזוי האָב איך געטענהט און געמינטערט זי,
נאָר זי איז שוין צו זיך מער ניט געקומען.
איר אָטעם האָט גענומען אויסגיין. אויף איר מויל
האָט מיטאַמאָל אַ לעצטער שמייכל אויפגעטויכט
און זי האָט שטיל געזאָגט: אַ יצחק מיינער,
אַ שעפּס האָט דיך פאַרביטן — ווען? ביים סוף?
און פריער, ביז דעם סוף, ב י ס ט ו געווען דער שעפּס?
ב י ס ט ו געלעגן און געוואַרט צו זיין געשאָכטן?
און אידער איך האָב צייט געהאַט צו ענטפערן
איז שוין געווען נאָכאַלעמען. דו הערסט מיך, זיידע?

(איוב ענטפערט ניט. יצחק פרעגט ווידער)

דו הערסט מיך, זיידע?

(איוב ענטפערט ניט. יצחק געפּלעפּט)

וואָס? — ער שלאָפט? צי עפּעס וואָס חלילה?

(בייגט זיך איבער איובן, גייט אָפּ אויף צוריק)

ער שלאָפט טאַקע. — אַ נס. זיין אָטעם אַזוי רואיק.

(ער שטייט ווי אין חלום־פאַרגליווערונג. פון אונטער די שאָטנס
פונעם געצעלט טויכט אַרויס אַ גרויסער וואָל־צעפלאָכטענער
שעפּס, קריכט־צו צו יצחקס פיס)



**שעפּס:**
און מ י י ן האַלדז שעכטן מעג מען?

**יצחק:**

(גרוילט, רופט איובן)

העלף מיר, זיידע!

**איוב:**

(ליגט פאַרזונקען, ענטפערט ניט)

**יצחק:**
צי זע איך עס אין חלום?

**שעפּס:**

ניין, אין פולער וואָר.
געדענקסט דאָך גוט ווי איך האָב דיך פאַרביטן.
האָסט ערשט אַליין דערציילט. נאָר־וואָס דערמאָנט מיך.
פאַרוואָס — איך פרעג דיך — האָט עס מיר געקומט?

**יצחק:**
ס'איז ניט געווען אין מיין רשות איינגאַנצן.

**שעפּס:**
פאַרוואָס אָבער האָט מיר ג ע ק ו מ ט צו זיין געשאָכטן?

**יצחק:**
צי זאָג איך דען אַז דיר האָט עס געקומט?

**שעפּס:**
צי האָסטו ניט געפרייט זיך וואָס דיין טאַטנס מעסער
האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויף מיר און ניט אויף דיר?

**יצחק:**

(שווייגט).

**שעפּס:**
איך פרעג דיך, זאָג — צי האָסטו ניט געפרייט זיך?

**יצחק:**

מסתמא יאָ.

**שעפּס:**

פאַרוואָס מסתמא? — זאָג אודאי.
איך האָב געהערט ניט איינמאָל ווי דו קלאָגסט זיך
אויף יענע רגעס, ווען דו ביסט געלעגן און געוואַרט
אַן אויסגעשטרעקטער מיטן האַלדז אַנטקעגן מעסער,
געהערט נים איינמאָל ווי דו טענהסט וועגן ליגן ווי אַ שעפּס,
און איצטער שווייגסטו.

(צו איובן)

און אויך דו, געפּייניקטער,
האָסט פּלוצלונג צוגעמאַכט דיין מויל. — פאַרוואָס?

(צוריק צו יצחקן)

אָט קוק ווי טיף מיין האַלדז איז איינגעשניטן;
צי איז דיין טאַטנס מעסער אויך ניט ד י י ן מעסער געווען?
צי איז דאָס שעפּסן־בלוט קיין בלוט ניט?
צי בין איך ניט צומאָל דיין גלגול אפשר?
און אפשר בין איך גאָר דער ערשטער אָנזאָג וועגן דיר,
דער אָנוואונק אויף דעם חלף־שאַרף וואָס מוז
אויף ד י י ן האַלדז איבערשניידן סיי ווי סיי,
אויב ניט אין דער מינוט, איז — שפּעטער, ש פּ ע ט ע ר!
אויב ס׳מעסער האָט דיך אויסגעמיטן אויפן באַרג מוריה,
צי האָט זיין שאַרף ניט אויפגעדעקט פאַר דיר
די שעכטונג, וואָס איז גרייט פאַר דיר אין ווייטע דורות
דורך מעסערס לאַנגע ווי די לאַנגע נאַכט?

**יצחק:**

וואָס ווילסטו אָבער איצט פון מיר?

**שעפּס:**

איך וויל פון דיר קיין זאַך ניט איצט, נאָר פרעגן:
פאַרוואָס ביסטו אַראָפּגעשפּרונגען פון מזבח



און מיך מיט גוואַלד אַרויפגעשלעפּט? פאַרוואָס?
איין קרבן האָט געשלעפּט צום טויט אַ צווייטן קרבן.
וואָס שוויגסטו? רעד. ניט קוק וואָס איך בין שעפּס.
ס׳איז היינט אַ נאַכט אַזאַ, ווען ניט נאָר מענטש
נאָר אויך אַ שעפּס האָט פריי רשות צו רעדן,
און אויך רשות צו טענהן וועגן טויט און מאָנען משפּט
ניט ווייניקער ווי ס׳האָט דער מענטש. — אפילו אַ געקוילעט שעפּס.
און דו אַליין — באַטראַכט זיך גוט, באַטאַפּ זיך גוט,
צי האָט דיין טאַטע סיי ווי סיי דיך ניט געשאָכטן?
באַטאַפּ זיך גוט דעם האַלדז און אַלע אברים.

**יצחק:**

פאַרשווינד! אַוועק, דו משוגעת!

**שעפּס:**

צי אפשר גאָר דאַרפסטו אַליין פאַרשווינדן?
און אויך אַזוי דער אויסגעצויגענער יסורים־מאַן?
פאַרוואַרף אים אויף דיין אַקסל און — אַוועק פון דאַנען!
אַנטרין מיט אים. אין שאול! אין תהום! פאַרגיי!
גאָט דאַרף איך ביידן ניט. ער קערט זיך אָפּ פון אייך.
מיט מ י ר איז גאָט. מיט מיר און מיט מיין האַלדז
דעם אויפגעשניטענעם, דעם אויסגערונענעם,
מיט מיר און מיט מיין פליש דעם אָפּגעבראָטענעם.
און איר זענט ביידע קינס! ביידע, ביידע!
אפילו ווען איר קלאָגט מיט דעם געקלאָג פון הבל.
ווייל זיין אַ הבל אויף אַן אמת ווילט איר ניט,
ווייל הבל ליגט נאָך אַלץ, ווי איך, פאַרוואָרפן;
ער ליגט נאָך אַלץ אַן אומגעקומענער און וואַרט,
אַז עמיצער זאָל מאַכן וועגן אים אַ גוואַלד־געשריי.
ער וואַרט אָבער אומזיסט, ווייל אַלע האָבן שוין אַן אים
פאַרגעסן לאַנג. אָט ליגט ער. קוק און זע.

(אָפּ. אויפן זעלבן אָרט טויכט אויף ה ב ל. ליגט אויף דער
ערד. איבער אים שטייט ק י ן)

**יצחק:**

(פאַרכאַפּט פון זיין זעאונג, קוקט מיט אויסגעשטרעקטע אויגן, לאָזט זיך אויך אַראָפּ צו דער ערד, קאָן קוים אָפּכאַפּן דעם אָטעם).

**קין:**

וואָס שטעלסטו אָן אויף מיר אַזוינע אויגן?
צי מיינסטו אַז אויך דיר איז קין עפּעס שולדיק?
שטיי אויף! וואָס ליגסטו צוגעפאַלן צו דער ערד?
דערווײַלע ביסטו ניט קיין הבל נאָך,
און דאַרפסט ניט ליגן אויף דער ערד ווי ער;
כ׳בין קין, — אייער בײדנס ברודער.

**יצחק:**

פאַרשווינד, אַ בייזער חלום, פינצטערער!

**קין:**

ניט חלום און ניט פינצטערניש, נאָר קלאָרע וואָר,
ווייל קלאָרע שותפות אייערע מיט מיר.
וואָס מאַכט איר, שותפים מיינע, טייערע־געטרייע?

**יצחק:**

פאַרשווינד פון מיינע אויגן, זאָג איך!

**קין:**

צי וויל מיך שותף האַרטער זיין פון מיר? —
אַבי איך האָב געמיינט אַז קרבן־מענטשן
באַנעמען זיך אַביסל ווייכער ווען עס קומט צו זיי
דער ווייטער ברודער פון דער נאָנטער בענקשאַפט.
איך זע אָבער ווי גרויס ס׳איז די געמיינקייט פון אַ קרבן־שעפס
צו ווען זיך אַרויסדרייען פון חלק שותפות.
צי נאָר פון מיינטוועגן האָב איך דערהרגעט הבלען,
און ניט צוליב די שפּעטערדיקע דורות אייערע —
צו מאַכן לייכטער אייך דעם וועג צו מאָרד,
באַפרייענדיק אייך פון דער שווערקייט פון התחלה?



איך האָב אין האַנט געגעבן אייך אַ גרייט געצייג;
אַ שטיין אַ פאַרטיק־איינגעשמירטן אין אַ הרוגס בלוט;
אַנשטאָט צו דאַנקען פאַר דער פאַרטיקער התחלה,
פאַר עפענען פאַר אייך די פרייהייט פון רציחה,
באַגעגנט איר מיך גאָר מיט צביעותדיקער גרויל.

(צו איובן)

דו ליגסט פאַרזונקען אין דעם תהום פון דיינע פּלאָגן?
עס טוט דיר ווי דיין לייב? די וואונדן סמען דיך?
דו טרויערסט אויפן טויט פון דיינע קינדער,
און שילסט און פלוכסט דעם טאָג פון דיין געבוירן? —
וואָס קאָנסטו אָבער זאָגן וועגן יענעם טאָג,
ווען דו אַליין האָסט אָנגעבוירן קינדער
און זיי אַריינגעוואָרפן אינעם בלינדן תהום פון גורל?
צי קאָנסטו מיט פאַרשילטן זיך אַליין מכפּר זיין
אויף דער פאַרברעכערישער פאָטערשאַפט אויף דיינער,
וואָס איז אַ האָר ניט קלענער פון מיין ברודער־מאָרד?
פון אַלע קינדער דיינע איז פאַרבליבן נאָר אַ קופּע אַש,
און דו, כאָטש אין יסורים — אָבער לעבן לעבסטו.
דו לעבסט. דו ווילסט ניט שטאַרבן. ווילסט ניט? — ווילסט ניט?
וואָס שוויגסטו שטום? דו שלאָפסט?

(בויגט זיך איבער איובן, קייכט)

נו יאָ, ער שלאָפט!

(צו יצחקן)

וואָס גלאָצסטו, תם, אויף מיר די אויגן?
אויך דו ביסט אַ געקריוודעטער? אויך דו?
פאַרוואָס ביסטו ניט צוגעשפּרונגען ד ע מ אָ ל ט צו מיין האַנט
און זי ניט אָפּגעהאַלטן פון איר מאָרד־פאַרמעסט?
פאַרוואָס האָסטו דערלאָזט אַז איך זאָל טויטן הבלען?

**יצחק:**

ווען איך בין אויף דער וועלט נאָך ניט געווען?

**קין:**

צי נאָר דערפאַר ווייל דו ביסט ד ע מ אַ ל ט ניט געווען נאָך
ביסטו ניט מיטשולדיק פאַר בלוט־מעשים פון דעמאָלט,
און מעגסט דערפאַר דעם גאַנצן מאָרד־חשבון
אַרויפלייגן אויף מיינע פּלייצעס נאָר? אויף מיינע נאָר?

**יצחק:**

דער מערדער וויל נאָך זיין גערעכט — צו חוזק.

**קין:**

איך פרעג דיך, תם, איך פרעג דיך, קרבן,
צי זעסטו ניט אַז ווען דו וואָלסט ניט זיין קיין תם
וואָלסטו געקאָנט באַצייטנס אַ געשריי געבן,
צוזאַמען מיטן קראַנקן איוב אַ געשריי געבן, צו גאָט,
אַז ער זאָל אָפּהאַלטן מיין האַנט אין איר פאַרמעסט,
און הבל וואָלט, ווי דו, מיט שרעק נאָר אָפּגעקומען.
און איצט — אויב הבל וואָלט געקאָנט אַ יצחק זיין,
פאַרוואָס זאָל יצחק היינט ניט מעגן זיין קיין הבל?

(צו הבל)

שטיי אויף און לאָז זיך גוט דערקענען.

(קין פאַרשווינדט, הבל הייבט זיך אויף)

**הבל:**

אַ ברודער מיינער, — פריד צו דיר.

**יצחק:**

צו וועמען רעדסטו?

**הבל:**

צו קינען, צום ברודער.

**יצחק:**

איך בין יצחק, און ניט קין.



**הבל:**

צי אפשר ליגט ער אויפן אַש־געלעגער?

(גייט צו, קוקט זיך איין אין איובן)

אוי ווי, ווי אַלט ער איז געוואָרן!
ווי אַלט און ווי צעפּייניקט. גאָרניט צו דערקענען.

**יצחק:**

ס׳איז איוב, און ניט קין.

**הבל:**

כ׳ווייס ניט אָס דו מיינסט.
וואָס מער איך קוק אויף אים, אַלץ מערער זע איך
אַן ענלעכקייט אין אים גאָר צו מיין טאַטן אדם.

**יצחק:**

ס׳איז איוב, און ניט אדם.

**הבל:**

אַזאַ שווערער, קראַנקער שלאָף!

(גייט אָפּ אָן אַ זייט)

אַזוי איז אויך מיין טאַטע אדם אויף דער ערד געלעגן,
און לעבן אים, אַן אויסגעפּייניקטע, איז אויך די מאַמע חוה
געלעגן מיטן פּנים צו אַ דאָרן און — געוויינט.
אַ בייזער רוח, עמיצער, האָט איר געבראַכט
די שוואַרצע בשורה וועגן מיר, מיט אַ כוונה
צעניפגעמישט מיין גורל מיט דעם גורל פון אַ שעפּס.

**יצחק:**

אוי ווי, כמעט דאָס זעלבע וואָס מיט מיר.

**הבל:**

איך ווייס ניט וואָס דו מיינסט „כמעט דאָס זעלבע״;
צי דו האָסט אויך אַזוי ווי איך געפּיטערט שאָף,
דערנאָך געלעגן ווי אַ שעפּס דערמאָרדעט?
צי דיך האָט אויך אַן אייגענער דערהרגעט?

**יצחק:**

רעד נאָך, דערצייל.

**הבל:**

דערציילן — וואָס?
דערציילן אַז מיר האָבן זיך ווי ברידער ליב געהאַט?
אודאי האָט אַ ברודער ליב זיין ברודער;
אַודאי ווייס איך ניט ביז איצט פאַרוואָס האָט קין
גענומען פלוצלינג און דערשלאָגן מיך אויף טויט,
און זיך אַליין אַריינגעוואָרפן אינעם צאָרן־פלאַם פון גאָט.
ניט אַנדערש, אַז דעם מענטש האָט גאָט פאַרמשפט,
צי אפשר גאָר דערהייבן, צו אַזאַ מין גורל
אַז ער זאָל זיך פאַרבלוטיקן אין חיה־גלוסטונג
און אויפיאָמערן דורך דעם מיט צער־חרטה,
און דאָס זאָל זיין זיין וועג צו גאָט־דערהייבונג.
ערשט איצטער, ווייט נאָך מיין דערמאָרדונג, טראַכט איך וועגן דעם,
ערשט איצטער, ווען דער מענטש האָט זיך צעמערט אין דורות,
און אָנגעפילט די ערד מיט פירוד, זינד און שנאה,
און דורכגעמאַכט אַ דור הפלגה און אַ מבול און אַ סדום; — — —
אין י ע נ ע ם טאָג אָבער פון מיין דערמאָרדונג זיינען מיר
געווען ניט מער ווי פיר נפשות אויף דער גאָרער ערד,
און צו דער נאַכט־צו — שוין ניט מער ווי דריי.

**יצחק:**

רעד נאָך. רעד נאָך.

**הבל:**

נו וואָס? — מיך פייניקט יעדעס וואָרט.
מיך פייניקט יעדע טאַט און יעדע שליטה פון אַ האַנט;
אפילו איצטער קומט מיין ברודער און ער זוכט מיך אויס,
ער לאָדט מיך אָן אויף זיינע האַרטע אַקסלען
און נעמט מיט אימפעט זיך אַרומטראָגן מיט מיר,
אַמאָל מעת־לעתן גאַנצע, איבער גאָר דער ערד,



דורך באַרג און טאָל, דורך מענטש־ישובים;
בלייבט פלוצלינג ערגעץ שטיין און טוט אַ יאָמער,
אַזוי — אַז אַלע הימער גיבן זיך אַ טרייסל.
ער שטייט און וואַרט, און וואַרט. — אויף וואָס?
ער קאָן מיין מח דעם צעהאַקטן מער ניט גאַנץ מאַכן,
ער קאָן מיין בלוט, וואָס ער האָט מיט זיין האַנט פאַרגאָסן,
ניט אויפזאַמלען צוריק. און ווער עס ווייס דעם טעם
פון ליגן אונטער פחד פון אַן אויסגעשטרעקטער האַנט —

**יצחק:**

(מיט אַן אויסגעשריי פלוצלינג)

גענוג! זאָל זיין גענוג! איך בעט דיך, ברודער.

**הבל:**

איך ווייס ניט וואָס דו מיינסט „זאָל זיין גענוג".
צי זיינען מיינע ווערטער דיך אַליין נוגע?
איך זע עס ניט אויף דיר. דיין גוף איז פריש,
דיין מוח איז ניט דורכגעלעכערט. מיך אַליין נאָר
האָט יעדערער פון אייך פאַרראַטן און פאַרלאָזט
צו זיין אַן אומגעקומענער לעולם ועד.

**יצחק:**

אָ הבל, ברודער מיינער, רעד ניט אַזוי ביטער.
מיר אַלע טראָגן טיף אין זיך די שולד
פאַר דיין אומזיסט און אומשולדיק פאַרשניטן לעבן.

(ווייזט אויף איובן)

דו זעסט, ווי גרויס די צאָלונג איז,
ווי טיף די לידן זיינען אָן אַ ברעג.
און איך אַליין — ווי נישטיק קליין איך בין אַנטקעגן דיר,
ווי בטל ס'ווערן מיינע לידן קעגן דיינע.

**חבל:**

(נויגט זיך איבער איובן)

און וואָס זאָגט ער? — אַזוי געראָטן איז ער אין מײַן טאַטן.
אַזוי האָט אויסגעקוקט מײַן טאַטע ווען ער האָט דערזען
ווי כ'ליג און שטאַרב. מײַן אויג האָט נאָך געבלענדט אַביסל,
און אויך מײַן אויער האָט נאָך עפּעס וואָס געהערט.
דער טאַטע האָט געיאָמערט אויפֿן קול. מיט בײדע הענט
געוואָרפֿן זיך צום פֿײַערדיקן טויער פֿון גן־עדן,
וואָס איז אַלײן געזאָדן ווי צעפֿלאַקערט בלוט.
און אויך די מאַמע האָט געפֿיבערט, אָבער אַנדערש:
זי איז געשטאַנען איבער מיר אויף בײדע קני
און — ניט געוויינט, נאָר שטיל אַזוי געקוקט אויף מיר.
די אויגן אירע קוקן איצטער נאָך אויף מיר
מיט זײער רחמימדיקער, ציטעריקער ליבשאַפֿט.
די ליפּן אירע ווילן עפּעס זאָגן, נאָר — זיי זאָגן ניט.

**יצחק:**

אוי, ווידער מײַנע רייד, די זעלבע רייד.

**חבל:**

איך ווייס ניט וואָס דו מיינסט „די זעלבע רייד".

**יצחק:**

אויך מײַן מאַמע אַזוי, אויך מײַן מאַמע — — —
נאָר ש־ש־ש! ער שלאָפֿט. מיר דאַרפֿן שטיל זײַן.

(זיי ווערן שטיל, קוקן אײנער אויפֿן צווייטן אין דער שטילקייט. עס שלײַכט זיך אַרײַן צוריק קין. הבל נויגט זיך אַרונטער צו דער ערד)

**קין:**

אויב רו, אויב שלאָף — וואָס דאַרף מען מיך?
און דיך, מײַן ברודער, דאַרף מען אויך דאָ ניט.



ווײַל דאָ וואו רו דאַרף אומרו ניט אַרײַנקומען
און ניט צעשטערן דעם געשמאַקן שלאָף פֿון די באַרוטע.

(צו יצחקן)

און דו, מײַן האַר, דאַרפֿסט אויך ניט שטײן צערודערט
און גלאָצן מיט צעשראָקענע צוויי אויגן;
די קאָנסט זיך אויך אַוועקלייגן און נעמען שנאָרכן
אין זיסער שנאָרכעניש פֿון גליק און פֿון באַרואיקונג,
און אויפֿהערן צו זײַן אַזוי צעשויבערט און צעשוידערט,
און מײנען אַז דער גאַנצער עול פֿון פּײַן ליגט נאָר אויף דיר,
און אויך דער גאַנצער עול פֿון גאָט־נסיון און אחריות. — — —
דער עול אויף מיר איז גרעסער, זאָג איך דיר, און — שווערער.
אויף גאָר דער ערד בין איך דער אײנציקער,
וואָס טראָגט אַ רצח־צייכן אויפֿן שטערן,
און נ ע מ ט  א י ם  אָ ן, און וואַרפֿט אים ניט אַראָפּ פֿון זיך,
און לעשט ניט אויס דעם ווייטאָק פֿון זײַן גליענ יש,
זײַן שטעכן, זײַן ניט געבן מיר קײן רגע שלאָף.
איך נעם אים אָן, דעם צייכן, אין געיאָמער פֿון געוויסן,
און כ'לויף אַרום מיט אים פֿון דור צו דור,
צוזאַמען מיט מײַן קרבן אויפֿן אַקסל, און איך שריי צו גאָט.
כ'וועל שרײַען אַזוי לאַנג ביז מײַן געשריי וועט זײַן דערהערט,
און גאָט וועט הבלען מאַכן לעבעדיק צוריק. — — —
נאָר ווײ, אָבער, איז מיר, ווען יעדער גאַרנישט ווערט אַ מערדער,
און ס'קומט אויף אים אפֿילו ניט קײן שעה פֿון אומרו;
ווען יעדער קנעכט, ווי נאָר ער ווערט אַ שטיקל תּקיף,
ווערט מושל, מלך, פֿירער — אכזריק און האַרט,
נעמט פֿײַניקן, נעמט מאַטערן זײַן קרבן,
און גייט דערנאָך זיך הוליען, טרינקען ווײַן,
און נאָכדעם לייגט ער זיך אין בעט און שלאָפֿט זיס איין,
און נאָכדעם קומט אַ חונף־קנעכט און מאַכט אים פֿאַר אַ הייליקן.
און אָט קומט אָן אַ צווייטער, אַ בעל־יושר הייסט עס,
און טוט אַרויף אויף אים מײַן נאָמען: — קין.
אַ נידערטרעכטיקייט אַזאַ!

(צוריק צו הבלען)

אָודאי מעג אַ בעל־יסורים
אַ רגע רוען, אָפּכאַפּן דעם אָטעם, שלאָפן;
נאָר וואָס האָב איך און דו צו טאָן מיט רו?
איך האָב אָהערצו דיך געבראַכט, ווייל כ׳האָב געמיינט
אַז דאָ הייבט אָן צו אויפקומען די שעה,
ווען מעשים אָפּגעטאָנענע באַפרייען זיך פון זייער מוז
צו ב ל י י ב ן א י י ב י ק אָ פּ ג ע ט אָ ן, ווען גרויל־יסורים
צערייסן אַלע שלעסער פון פאַרפאַלנקייט און אויך פון טויט.
איך זע אָבער, אַז אַלץ איז ווי געוועזן, און — רו הערשט ווידער.
און דאָ וואו רו — דאָרט זיינען מיר ניטאָ.

(פאַרוואַרפט הבלען אויף די אַקסלען און פאַרשווינדט)

**יצחק:**

(דורכגענומען מיטן שלאָף־אָטעם וואָס קומט פון איובן)

באַשעפער, גרויסער גאָט, — אויב קיין ווייל קיין רו ניט,
איז אפשר גוט אַזוי. די בייטש פון זיין געוויסן,
וואָס טרייבט אים נאָכאַנאַנד אַרום, איז זיין געגאַרטע בייטש;
קיין טרייסטונג וויל ער ניט. פאַרקערט, ער וויל צעטרייסלונג.

(וויזט אויף איובן)

פאַר אים אָבער איז טרייסט און רו דיין העכסטע ברכה.
טאָ גיב אים רו, באַפריי אים פון יסורים,
און זאָל עס זיין אַ גוטער צייכן, גאָט, באַשעפער,
אַז ס׳קומט די רו אויך אָן פאַר מיר.

(שטן שלייכט זיך אַריין, כאַפּט אויף די לעצטע ווערטער)

**שטן:**

אָודאי קומט זי אָן.



**יצחק:**

(קוקט אויף אים מיט חידוש)

**שטן:**

מיין האַר דערקענט מיך ניט?

**יצחק:**

כ׳דערקען. פון נעכטן אָונט.

**שטן:**

איך קום אַ קוק טאָן ווי עס גייט דעם בעל־יסורים.

**יצחק:**

גראָד דאָס איז ניט קיין חידוש. יעדער וויל אַ קוק טאָן.

**שטן:**

בפרט, אַז אפשר איז שוין צייט די שעה פון שלאָף
צו ציען ווייטער, צו פאַרלענגערן.

**יצחק:**

וואָס מיינט דער האַר?

**שטן:**

ביז איצט האָט עמיצער ב אַ ד אַ ר פ ט די פּלאָג־יסורים,
און אָט קאָן זיין אַז ער באַדאַרף זיי שוין ניט מער.

**יצחק:**

ווער — ער?

**שטן:**

דער עמיצער. ער קאָן אפילו מיט זיין האַנט,
צי אפשר גאָר אפילו מיט אַ מינדסטן וואָרט,
אַ גלעט טאָן איבער איובס פנים — עס זאָל אויפשמייכלען.

**יצחק:**

דער ברודער־וואַנדערער האָט ליב אַמאָל צו שפּאַסן.
איך ווייס ניט וועגן וועמענס האַנט ער רעדט.

**שמן:**

די האַנט פון גאָט. קיין אַנדער האַנט איז דאָך ניטאָ.
ניט מער — דער גלעט, וואָס איז באַשטימט אויף שפּעטער,
קאָן אין אַ גוטער שעה געגעבן ווערן פריער,
און גאָט דער האַר קאָן אַנטרויען אפילו מיך, אפילו דיך
צו אַנטאָן איינעמס ליפּן אין אַ שמייכל.

**יצחק:**

אויף וואָס וויל אַנווינקען דער ברודער־וואַנדערער?

**שמן:**

שוין אַנגעוואונקען, און — ס'איז שוין געשען.
דעם האַר באַשעפער וואָס באַשאַפט אַזוינע פּאָרן:
אַן אדם און אַ חוה,
אַ קין און אַ הבל,
אַ מלאך און אַ מעסער,
אַ האַלדז און אַ מזבח,
אַ לייב און אַ צרעת, —
אַזאַ באַשעפער נעמט אַ לאַנגע צייט
ביז וואַנען ער איז מסכים אַז די פּאָרן זיינען ווערט
די אויסדערוויילטע זכיה פון אַ שמייכל.

(אָפּ. יצחק שטייט גרענעצלאָז געפּלעפט)

**יצחק:**

צי זאָל עס טאַקע זיין אַ  וואונק,  אַז ענדלעך קומט זי אָן —
די שעה פון טרייסט און פון מנוחה?
אַ קום, געגאַרטע שעה. אַ קום אויך אָן פאַר מיר.



## בילד זעקס

# בילד זעקס

(אַרום דעם געצעלט וואו איוב ליגט. ערב באַגינען. דאָס אָרט איז פאַרלעגערט מיט די אָנגעקומענע לײדנדיקע מענטשן — קראַנקע, בלינדע, לאָמע, מצורעים. די ליגן אויסגעלײגט אויף דער ערד. טײל שלאָפן, אָבער די מערסטע זײנען וואָך. ס'הערשט אַן אומצעפּרידענע שטילקײט וואָס גײט איבער אין אַ געמורמל. פון צײט צו צײט ווערט ווידער שטיל, — מע הערט זיך צו צו דעם וואָס עס קומט פאָר אינעווייניק אין איובס געצעלט. פון געצעלט אָבער הערט מען ניט קײן שום קלאַנג. די אויפרעגונג צווישן דעם עולם וואַקסט).

**עולם:**

— וואָס זאָל עס באַטײטן?
— מען הערט ניט מער קײן קול פון אים.
— די גאַנצע נאַכט האָט ער געשאָלטן.
— גערופן גאָט אַלײן צו משפּט.
— אונדז אָנגעטראָגן אַלעמען אַהער מיט זײנע קולות.
— זײן ווײ־געשרײ איז אונדזערער געווען.
— צי לעבט ער כאָטש?

**יורם:**

מײן פרײנד תובל איז געגאַנגען אין געצעלט צו אים.

**ערשטער:**

אומזיסט זײן גײן. כ'האָב אויך געוואָלט עס טאָן,
ערשט אײנער, ווי אַ שומר, שטײט און לאָזט ניט צו.

דער בעל־יסורים, זאָגט ער, וויל ניט מען זאָל זען זיין פּנים,
ער וויל ניט מען זאָל זען די וואונדן זיינע.

**צווייטער:**

מען זאָגט — זיין ווייב האָט זיך אַ מיתה אָנגעטאָן.

(איניקע קומען צו צום געצעלט, ליגן צו די אויערן, הערן זיך איין, גייען אָפּ צוריק)

**יורם:**

צוויי פולע מעת לעת נאָכאַנאַנד האָט זיין קול
געריסן דאָס האַרץ מיר, געוועקט מיינע אבֿרים,
און אויך מיינע טויטע פאַרלאָשענע אויגן
מיט שטעכעניש אָנגעפילט, מיט האָפענונג גערייצט.

(מיט געשריי, אין איובֿס טאָן)

אַ ערד, דו זאָלסט ניט צודעקן מיין בלוט! —
אַזוי האָט ער געטענהט און געיאָמערט;
איז טענה איך ווי ער אין זעלבן קול:
אַ נאַכט, דו זאָלסט ניט צודעקן מיין בלינדקייט!

(אַ פּאַסטער פירט אויף אַ וועגל אַ זון — אַ פּאַראַליזירטן. דער זון ליגט אויסגעצויגן. פון צייט צו צייט רשועט פון אים אַרויס אַ קול, וואָס וואַרפט אַן פּחד אויף אַלעמען)

**פּאַסטער:**

אויף אַלע קולות שריי, מיין זון! אויף אַלע קולות! מאַן!
וועק אויף מיט דיין געשריי דעם שטיל־געוואָרענעם.

(אין דעם קומען אַרויס פון איובֿס געצעלט די דריי פריינד)

**אליפז:**

(ווינקט מיט די הענט צום עולם. אויך די אַנדערע צוויי פריינד טוען עס)

מיר בעטן אייך — זייט שטיל.



**פון עולם:**

ער לעבט?

**אליפז:**

ווי אַנדערש דען?

**פון עולם:**

מיר ווילן וויסן.

**אליפז:**

איר האָט ניט וואָס צו טאָן דאָ, זאָג איך אייך.

(פון עולם — צאָרן און געלעכטער)

וואָס לאַכט איר און וואָס צאָרנט איר? אוועק'ט פון דאַנען.
אַ מענטש איז קראַנק און נויטיקט זיך אין רו.

**יורם:**

פאַרשאַלטן זאָל זי זיין — די רו,
ווי ער אַליין האָט זי פאַרשאָלטן
צוזאַמען מיט דער רגע פון געבוירן ווערן.

**אליפז:**

אַז איוב אָבער שילט ניט מער, — איך זאָג אייך.

**יורם:**

מען נאַרט אונדז, ברידער! מען פאַרראַט אונדז!

**אליפז:**

איך בעט אייך נאָכאַמאָל — זייט שטיל. ער שלאָפט.

(די דריי פריינד גייען אָפּ אויף די שפּיץ פינגער, מאַכנדיק מיט די הענט צום עולם אין צייכן פון איינשטילונג. עולם שטייט פאַרגאַפט. עס קומט תובל)

**תובל:**

כ'האָב יצחקן געזען אין פאַרנט פון געצעלט.
ער שטייט און היט ווי אַ געטרייער שומר
די איינגעשטילטע רגעס פונעם בעל־יסורים.

**יורם:**

וואָס מיינסטו — רגעס? לאַנגע שעהן זאָג!
און קיין שום שנוי קומט ניט? קיין שום שנוי?

**תוכל:**

מיין פּוס איז לאַם און קראַנק ווי פריער.

**ערשטער:**

אויך מיינע וואונדן יאַטערן ווי פריער.
מיין קאָפּ אין פייער. אויך מיין לייב.
עס שפּאַלט זיך אויף מיר מיין הויט.
פאַרוואָס איז ער אַנטשוויגן געוואָרן
אַקוראַט ווען דער מאָרגן בלויט,
אַקוראַט ווען עס שפּאַלט זיך מיין הויט?

**צווייטער:**

איך ליג מיטן פּנים צו דער ערד,
איך ליג ווי אַ שטיק בליי.
פאַרוואָס איז ער אַנטשוויגן געוואָרן
אַקוראַט ווען איך בין פאַרביי,
אַקוראַט ווען איך ליג ווי אַ בליי?

**דריטער:**

צי ס'איז אמת טאַקע אַז ער שלאָפט?
צי ס'איז אמת טאַקע אַז ער רוט? —
אוי וויי, וואָס וועט זיין מיט זיין פלוך:
אַ ערד, דעק ניט צו מיין בלוט? —
צי ס'איז אמת אַז ער רוט?

**פערטער:**

אַז ס'איז איינמאָל געקומען דער מאַן
וואָס טראָגט אין זיך אַזויפיל וויי,
וועט ער מוזן אונדז בלייבן געטריי
און באַנייען צוריק זיין געשריי,
ווייל ניטאָ קיין סוף צו וויי.



**פינפטער:**

ער שוויגט דאָך אָבער פאָרט. אַז וויי!
ער שוויגט דאָך שוין מער ווי אַ שעה.
איך פרעג: אויב אַזוי
וואָס טו איך איינגאַנצן דאָ,
אויב ער שוויגט שוין מער ווי אַ שעה?

**פאָטער:**

מיין זון, ניט שטאַרב! — מיין זון,
מיין איינציקער וואָס איך האָב ליב,
דו קאָנסט ניט רעדן, ביסט שטום;
פאַרגיב דעם טאַטן דיינעם, פאַרגיב,
מיין זון מיין איינציקער, וואָס איך האָב ליב.

**שטן:**

(שפּאַנט דורך אויף דיינע קוליעס דורך דער מחנה)

אַזוינע רייד וועגן אַן איינציקן זון
האָבן ערד און הימל שוין פון לאַנג געהערט.
אָבער וואָס קומט אַרויס דערפון,
אַז דער זון איז ניט מער שוין קיין איינציקער זון?
ער שטייט ווי אַ נאַר ביי איובס געצעלט.
אַזוי איז ער געשטאַנען ביים מזבח־בעט,
געשטאַנען, געשטאַנען, און לסוף
אַנידערגעלייגט זיך ווי אַ שטומע שאָף,
ווי עס ליגט אַט ד ע ר אויף דער טויטער ברעט.

(ווייזט אויפן פאַראַליזירטן זון)

און איובס שלאָף ווער קאָן פאַרשטיין,
אויב ניט נאָר איינער — איך אַליין,
צעהאַקט זיין שלאָף, צעבראָכן זיין שלאָף,
און ברענגט די פול פאַרדינטע שטראָף!
פאַר וועמען, האַ? — דאָס טרעפט אַליין.
וואָס שייך מיך — באַדאַרף איך זיין צופרידן.

ערשטער:

פון וועמען און פון וואָס צופרידן!

צווייטער:

וואָס רעדט ער — דער צעדרייטער לאָמער מאָן?

שטן:

געפעלט דיר ניט ווי כ'רעד? — געוואוין זיך צו.
צי קאָן דער מענטש אַרויסקריכן פון זיך אַליין,
פון זיינע אָרעמע צעקלאַפּטע הויט און ביינער?
איך פרעג אייך, זאָגט. כ'האָב אויך געמיינט
אַז איוב וועט ניט אָפּשטעלן זיין שעלטן
און אַז זיין ווײ־געשריי וועט איבערקערן וועלטן.

תובל:

איז וואָס זשע טוט דעם האַר אַזוי הנאה?

שטן:

ווער זאָגט — הנאה? אדרבה, כ'בין ווי איר געפּלעפּט
פון דער געשווינדקייט פון די מענטשלעכע גילגולים,
ווי אויך דער צדיק קאָן ניט אויסטאָן זיך פון גוף
אפילו ווען אים ווילט זיך בלייבן צדיק,
און דאָס איז וואָס איך האָב באַדאַרפט באַווייזן:
דו גיב דעם מענטש איין שטעכעלע — צעוויינט ער זיך,
און גיב אים נאָר איין גלעט — צע'חנט ער זיך.

יצחק:

(איז אַרויסגעקומען פון איובס געצעלט, געהערט די לעצטע ווערטער)

ווער רעדט אַזעלכע חוזק־ווערטער דאָ?

שטן:

חלילה מיר צו מאַכן חוזק, גוטער האַר.
צי בין איך ניט אַליין אַ גוף־געשטראָפטער, וואָס איז פול



מיט האָפענונג אַז עמיצער זאָל אויך פאַר מיר
זיך איינשטעלן, און מאָנען משפט אויך פאַר מיר?

יורם:

(אַלץ מער אין אויפרודער)

דער משפט־מאָנער מוז אויך מאָנען ווייטער,
און ווער ס'האָט איינמאָל אויפגעהויבן אַ געשריי
צו גאָט דעם האַר, — אַז איך, דער בלינדער,
זאָל מיינען אַז דאָס מאָנט מען משפט אויך פאַר מיר,
וועט זיין געשריי ניט קאָנען מער שוין אָפּשטעלן.
און אויב ס'איז אָפּגעשטעלט געוואָרן — מאָן איך:
דערלאָזט עס ניט!

פּאָטער:

אויב אונדזער קול דערגייט ניט מער צו אים, —
וועט ד אָ ס דערגיין צו אים!

(פאַרמעסט זיך מיט אַ פויסט אַנטקעגן איובס געצעלט)

יצחק:

אַז וויי אַזוינס צו הערן.

תובל:

טאָג זאָג אונדז וואָס באַטייט זיין שווייגן?

יצחק:

דער בעל־יסורים שלאָפט אין זיינע לעצטע כוחות.
די לײדן אָבער זיינע שלאָפן ניט.
זיין לייב און פּנים זיינען איין שטיק וואונד.

שטן:

און אַז זיין לייב וואָלט מיטאַמאָל געזונט געוואָרן?

יצחק:

אַ גרויסער נס סיידן זאָל טרעפן.

**שמן:**

פאַרוואָס זאָל טאַקע אַזאַ נס ניט טרעפן?

(יצחקן אין פּנים אַריין שאַרף)

צי ווער פון איך האָט ניט פאַרזוכט אַמאָל
דעם טעם פון נס? — פאַרוואָס זאָל אויך אַ צווייטער ניט פאַרזוכן?

(פאַרשווינדט)

**יצחק:**

וואָס דאַרף באַטייטן אַזאַ ווילדער גרימצאָרן?
צו וועמען איז דער גרימצאָרן געווענדט? — צו מיר?
צי זײַנען מיר אַהער געקומען צוליב זיך נאָר?
די גאַנצע נאַכט בין איך געשטאַנען איבער איובן,
געזען דאָס בלוטעניש פון זײַנע וואונדן.
פון גאָר דער טיפעניש פון זײַנע אינגעווײדן
האָט זיך אַ כאַרכלעניש געריסן.
איך האָב אין זיך אַרײַנגעטאָטעמט זײַנע קרעכצן,
און פול מיט צער בין איך. — — — אַ הערט מיך, ברידער,
אין אַלע מײַנע אברים קלאָגן זײַנע לײַדן;
פאַרוואָס זשע, יורם, זאָלסטו וועלן עס פאַרמײַדן?

**יורם:**

צי זאָל איך צו דער פינצטערניש פון מײַנע אויגן
נאָך בעטן אפשר אויך אַ חלק שטומקייט?

**ערשטער:**

און איך זאָל צו די וואונדן אויף מײַן לײַב
נאָך בעטן אפשר אויך אַ האַרב?

**יורם:**

אויב רו האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויף איובן,
און זײַנע ליפּן רופן מער ניט גאָט צו משפט —
איז דעמאָלט ע ר דער שולדיקער! און ע ר דאַרף זײַן געמשפט!



(ס׳צעטראָגט זיך ווידער ס׳געראַשוועריי פונעם געליימטן אויפן
וועגעלע. דער פּאָטער דײַנער בויגט זיך איבער אים, צושטופּנדיק
דאָס וועגעלע צו יצחקן, רײדנדיק צום זון)

**פּאָטער:**

מײַן זון, מײַן אײנציקער, וואָס איך האָב ליב,
פאַרגיב דעם טאָטן דײַנעם, פאַרגיב.

**יצחק:**

(אויפגעצײטערט, קוקט זיך אײַן דעם פּאָטער אין פּנים)

צי איז דער האַר אין עפּעס שולדיק וואָס ער בעט פאַרגעבונג?

**פּאָטער:**

אַודאי בין איך שולדיק: איך בין שטאַרק, געזונט,
און ער — מײַן זון, מײַן אײנציקער, וואָס איך האָב ליב,
ליגט ווי אַ שטומער שעפּס אויף אַ מזבח.

**יצחק:**

איך בעט מײַן האַר אַזוינס ניט רײדן.

(צום חולה)

צי דו טראַכסט אויך אַזוי, מײַן ברודער?

(דער חולה רעוועט עפּעס אַרויס דורך די ליפּן)

**פּאָטער:**

ער טוט אַ רעווע — דאָס איז תּפילה;
צי מײנט מײַן האַר אַז ניט? צי מײנט מײַן האַר,
אַז אויב מײַן זון זעט אויס ווי אַ געליימטער שעפּס,
באַדאַרף ער טאַקע שטאַרבן ווי אַ שעפּס אויף אַ מזבח?

**יצחק:**

(נעמט אַרום זײַן קאָפּ מיט בײדע הענט)

ווער זאָגט? ווער זאָגט? — וואָס ווילט איר פון מיר אַלע?
אַ גאָט, מײַן גאָט!

**פאַטער:**

טאָ זאָל מיין האַר ניט שווייגן,
און זאָל מיין האַר רחמנות האָבן אויף מיין זון.

**יצחק:**

וואָס קאָן איך טאָן? ווער בין איך דען?

**פאַטער:**

איך ווייס ניט, גוטער האַר. איך זע אַז אַלע
אין גרויסע מחנות טראָגן זיך אַהער צו איובן,
צום אויפגעגרוילטן בעל־יסורים, צו זיין גוואַלד־געשריי,
אין האָפענונג אַז זיין געשריי וועט ברענגען שנוי,
וועט ברענגען משפט און ישועה, נעם איך אויך און לויף
צוזאַמען מיט מיין זון. געשלעפט אים אויפן וועגעלע.
און איצט — וואָס טוט זיך דאָ? אַ גאַנצע נאַכט
איך וואַרט און וואַרט און קיין ישועה איז ניטאָ.

(שטן באַוויזט זיך)

**שטן:**

וואָס שטייט מען און וואָס וואַרט מען?
זאָל ווער אַריינגיין אין געצעלט און זען וואָס דאָרטן טוט זיך.

**תובל:**

אויב עמיצער וועט גיין מיט מיר —

**שטן:**

אַוודאי. קום, מיין האַר.

(ער און תובל גייען אַריין אין געצעלט. טיפע שפּאַנונג. לאַנגע פּויזע. פון געצעלט דערהערן זיך מאָדנע אויסגעשרייען פון תובל. תובל און שטן לויפן אַרויס. תובל אין דערשיטערונג. שטן שטייט סודותדיק, רוקט זיך אָפּ אָן אַ זייט)

**תובל:**

(מיט אַ גוואַלד)



הוי ווי! הוי ווי! מיר זיינען אָפּגענאַרט!
ניטאָ קיין בעל־יסורים גאָר אינגאַנצן!

**קולות:**

(פון עולם)

געשטאָרבן? צי דערהרגעט?

**תובל:**

צי אפשר בין איך ניט ביים זינען?
עס גרוילט אויף מיר מיין לייב פון חידוש.
איך קום אַריין, ערשט — נס, צי חוזק?
ניטאָ קיין בעל־יסורים אויפן בערגל אַש,
נאָר אַ געזונטער זקן מיט אַ העל און ליכטיק פּנים.
קיין סימן פון אַ מינדסטער וואונד אויף אים.
ער ליגט ניט, נאָר ער זיצט גאָר אַ צופרידענער און שמייכלט.

**קולות:**

ווי קאָן עס זיין? זאָגסט ליגן.

**תובל:**

איך שווער איך ביי מיין לעבן, ברידער
אַ ווייסער קאָפּ, אַ לאַנגע ווייסע באָרד,
די אויגן לויכטן מיט אַ פריידיק פייער,
און אויף די ליפּן העלט אַ שמייכל, ווי — אַ שמייכל!

**קולות:**

וואָס שטייען מיר? וואָס וואַרטן מיר?
צערייסט, צעטראָגט די ווענט פון זיין געצעלט!

(אין אַ רגע ווערט דורך צענדליקער הענט פונאַנדערגעשלעפּט דער געצעלט. עס אַנטפּלעקט זיך אַן אויסטערליש בילד: איוב זיצט אויף זיין אַש־בערגל. פון זיין לייב און פון זיין פּנים האָט זיך אָפּגעטאָן די פּלאָג. זיין פּנים זעט אויס אויסגעליטן, אָבער לויטער ליכטיק. דיינע ווייסע האָר פון קאָפּ און לאַנגער באָרד,

צעשויבערט, גיבן אים צו אַן אומגעווינלעכן חן. ער זיצט און קוקט אַ פֿאַרגאַפּטער אויפֿן עולם, קאָן קוים באַנעמען וואָס עס קומט פֿאָר אַרום אים. ער זעט אויס ווי אויפֿגעשטאַנען פֿון אַ קאָשמאַרן חלום. אויף זײַנע ליפּן אַ שמייכל. דער עולם — געפּלעפֿט, שטום פֿון איבעראַשונג, רוקט זיך אָפּ אַהינטער, קוקט מיט פּחד־אויגן ווי איוב נעמט באַוועגן מיטן קאָפּ אין אַלע זײַטן און אויסשטרעקן זײַנע לאַנגע בלויכע פֿינגער)

**איוב:**

**וואָס קומט דאָ פֿאָר?**

(שטיל שוויַגן)

**ווער זענט איר אַלע? — מענטשן ליבע, טײַערע:**
**איר ענטפֿערט ניט? — פֿאַרוואָס?**

(שמייכלט נאָך פֿריידיקער)

**נעמט צו מײַן ברכה אין באַגינען.**
**אַ לויטערקייט אַזאַ אַרום.**

(אָטעמט טיף)

**אַזאַ מחיהדיקע פֿרישקייט. —**
**געבענטשט זײַ, האַר, באַשעפֿער פֿון דער וועלט,**
**פֿאַר געבן מיר צוריק די קראַפֿט פֿון מײַנע אבֿרים,**
**די העלע ליכטיקייט פֿון מײַנע אויגן.**

**יצחק:**

(אין וואונדער־התפּעלות)

**אַ גרויסער נס! אַ לויב און דאַנק צו גאָט!**

**שטן:**

(אָפּגערוקט אַן אַ זײַט רײַסט איבער יצחקן מיט אַ שנײַדנדיק העצעריש געלעכטער. דעמאָלט רעוועט אַרויס יורם מיט אַ געשריי)



**יורם:**

**אַן אָפּנאַרער! וואו זיצט ער? פֿירט מיך צו צו אים!**

**פּאָטער:**

(מיט יאָמער)

**מײַן זון איז טויט, און ער גאָר זיצט און שמייכלט.**
**מײַן זון איז ט—ו—י—ט!**

(יאָגט אַוועק האַסטיק מיטן זון און וועגל)

**קולות:**

(פֿון עולם)

**אַן אָפּנאַרער. ער זיצט טאַקע און שמייכלט.**

**יורם:**

**אַ פֿירט מיך צו צו אים. איך וועל אים דורס זײַן.**

**יצחק:**

(לעבן איובן ווי אַ שוץ)

**באַטראַכט זיך, יורם, וואָס דו רעדסט.**

**קולות:**

**דער בלינדער איז גערעכט.**

(מען פֿירט צו יורמען צו איובן)

**יורם:**

**צי דו ביסט עס דער מאַן, אין וועמענס ווײַ־געשריי,**
**אין וועמענס רוף צו גאָט נאָך משפּט**
**איך האָב אַזש פֿון דער ווײַט דערהערט מײַן אייגן קול?**
**פֿאַרוואָס זשע שרײַסטו מער ניט, בעל־יסורים?**
**פֿאַרוואָס, זאָג, שילסטו ניט דעם טאָג פֿון דײַן געבוירן מער,**
**אַזוי ווי דו האָסט נעכטן אים געשאָלטן?**

**איוב:**
איך בעט ביי דיר מחילה, בלינדער זון מיינער.

**תובל:**
מחילה גאָר? — מיר קאָנען עס ניט מוחל זיין.

**יורם:**
אַז דיר האָט ווי געטאָן האָסטו געשאָלטן,
און דאָס וואָס מיר טוט ווי, און אַלעמען טוט ווי —
איז גאָרניט? — אַרט דיך ניט?

**איוב:**
מיך אַרט, מיין בלינדער זון.

טאָ רוף און שילט ווי נעכטן. רוף און שריי!

**יורם:**

**איוב:**
נו זעסט דאָך, בלינדער זון מיינער, מיין האַרציקער,
מען קאָן, ווייזט אויס, ניט שרייען, ווען סע שרייט זיך ניט.

**יורם:**
דער יידע קאָן ניט שרייען וועגן לײדן פון אַ צווייטן,
האָט ער באַדאַרפט אויך שווייגן וועגן זיינע.
דעם עולם זע איך ניט, איך זע אָבער דעם חשך פון זיין אומגליק,
איך זע זיין גרויסן צער פון אָפּגענאַרטקייט.

**תובל:**
ער האָט ניט אַזאַ מוט ווי דו, מיין האַר,
צו עפענען אַ מויל אַנטקעגן גאָט צו מאָנען משפּט,
און דו, מיין האַר, האָסט יאָ געהאַט דעם מוט;
און איצטער זעען מיר — אַז ווי און ווינד צו אונדז —
דיין גאַנץ געשריי האָסטו געשריען צוליב זיך נאָר,
און נאָר צוליב דעם טויט פון דיינע אייגענע.



**איוב:**
איר זענט גערעכט, — איך זאָג אייך, קינדער מיינע.
אין מיין געשריי געהויערט האָט די זינד.
מיין שטיקל שוואַכן גוף האָב איך ניט גובר געווען.
איך בויג מיין קאָפּ פאַר דיר, מיין בלינדער זון.
וואָס ווילסטו טאָן מיט מיר?

**יורם:**
ניט איך וויל עפּעס טאָן, נאָר אָט דער שטיין,
וואָס עמיצער האָט מיר אַריינגערוקט אין בוזעם נעכטן.
ווייזט אויס — אַ קלוגער מאַן געווען, באַוואָרנט מיך
באַצייטנס מיט אַ קלוגן און גערעכטן שטיין.

(נעמט אַרויס פון בוזעם אַ שטיין, פאַרמעסט זיך מיט אים איבער איובס קאָפּ, יצחק כאַפּט אָן יורמען פאַר די הענט)

**יצחק:**
אַ יורם, יורם, טו עס ניט!

**יורם:**
צי בין איך ניט גערעכט, מיין האַר?

**יצחק:**
דער שטיין איז זיכער ניט גערעכט.

**יורם:**
צי זיינען מיינע בלינדע אויגן ניט גערעכט?

(יצחק ראַנגלט זיך מיט יורמס האַנט און שטיין, שיצט איובן, עולם אין ווילדן געליאַרעם)

**שטן:**

(אָן דער זייט ווי צו זיך אַליין)

פאַרוואָס, אַ שטייגער טאַקע, זאָל אַ בלינדער יורם
ניט זוכה זיין דאָס גליק צו ווערן זעעוודיק?

**פֿאַרוואָס זאָל איך ניט זוכה זיין אָ לאָמער**
**דאָס גליק צו נעמען גיין מיט גלייכן טראָט?**

(ער זאָגט עס אַרויס און פֿאַרשווינדט מיט אַ שטיל געלעכטערל. און עס געשעט אַז יורם גיט מיטאַמאָל אַ שפּרונג־אויף, דער שטיין פֿאַלט אַרויס פֿון זיין האַנט. ער נעמט שרייען מיט משונהדיקע פֿריידיקע קולות)

**יורם:**

**כ׳ווער זעעוודיק! זעעוודיק! ליכט אין מיינע אויגן!**
**אויס בלינד! איך זע! אויס בלינד!**

(אַ רגע שטייט ער ווי פֿאַרגליווערט. אויך אַלע אַרום אַזוי. יורם נעמט דערנאָך זיך דרייען מיט אַ ווילדער שמחה)

**איך זע! איך זע! — געבענטשט זיי, גאָט, אין אַלע הימלען!**
**געבענטשט זיי פֿאַרן גליק צו זען דיין וועלט, צו זען דיין זון.**

**קולות:**

(מיט התפּעלות)

**געשעען טאַקע נסים דאָ מיט אונדז?**
**— ס׳געשעען טאַקע נסים, נסים!**

**יורם:**

(כאַפּט אַרום תובלן)

**אָ ברודער מיינער, קום אַ טאַנץ מיט מיר.**
**אַ טאַנץ! אַ טאַנץ! איך זע די זון!**

(ער שלעפּט תובלן אין מבולבלער שמחה. יענער אין געלאַמט־קייט ווערט געשלעפּט, ביז ער פֿאַלט אום מיט אַ וויטאָק־געשריי)

**תובל:**

**הוי ווי, — מיין צווייטן פֿוס מיר אויסגעדרייט.**



**יורם:**

**וואָס גייט מיר אָן אַ פֿוס? וואָס מיינט אַ פֿוס?**
**איך זע! איך זע! די זון גייט אויף!**

(פֿאַרשיכורט פֿון זיין פֿרייד לאָזט ער זיך ליפֿן איבערן פֿעלד, יאָגנדיק איבער מענטשן, שפּרינגט אויף זיי, וואַרפֿט זיי אום, לויפֿט ווי אַ באַנומענער, זיינע הענט צעשפּרייט ווי פֿליגל. לויפֿט אַוועק ווייט. מען זעט אים קוים)

**תובל:**

(ליגט אויף דער ערד, קרעכצט)

**צו וועמען זאָל איך רופֿן אין מיין ווײ?**
**איצט קאָן איך שוין אינגאַנצן מער ניט אויפֿשטיין.**
**מיין נאָענטסטער פֿריינד האָט מיך פֿאַרלאָזן.**

(מען הייבט אים אויף. ער קאָן קוים שטיין. מען האַלט אים אונטער די אָרעמס. ער כליפּעט)

**אָ גאָט, צו וואָס מיך אויף דער וועלט געבראַכט?**
**אָז אונטערגיין זאָל אונטערגיין דער טאָג פֿון מיין געבוירן,**
**פֿאַרשאָלטן זאָל ער זיין לעולם ועד.**

(מיטאַמאָל לויפֿט דורך איבער אים אַ ציטער, ער גיט זיך אַ גלייך אויס. זיין געלאַמטקייט טוט זיך אָפּ פֿון אים. ער נעמט, ווי יורם, שרייען מיט ווילדער שמחה)

**אָ, ברידער, זעט — איך הינק ניט מער!**
**כ׳האָב בידע פֿיס צוריק. — אַ נס! אַ נס!**
**אָט טאַנץ איך אויך ווי יורם. זעט!**

(נעמט שפּרינגען און טאַנצן. לאָזט זיך יאָגן צווישן עולם, אויך ניט אַכטנדיק אויף קיינעם, שיכור פֿון גליק, יאָגט אַוועק שרייענדיק: יורם! יורם!)

**קולות:**

(פון עולם)

**צי אפשר נעמט געשען אַ נס מיט אַלעמען?**

(מיט שטורעם צו איובן)

**אַז דו האָסט אין איין רגע זיך באַפרייט פון וואונדן,**
**אַז דו האָסט זעעוודיק געמאַכט דעם בלינדנס אויגן,**
**אַז דו האָסט אויסגעגלייכט דעם לאָמנס פיס,**
**טאָ ברענג דעם נס אויף אַלעמען אויף אונדז!**

**איוב:**
**ס'איז ניט אין מיין רשות, איך שווער אייך.**

**קולות:**
**ס'איז יאָ אין דיין רשות! ס'איז יאָ!**

(עולם גוואַלדעוועט. מיטאַמאָל שניידט זיך דורך אַ באַפעלנדי־קער קול פון שטן: שטיל זאָל זיין! — דער קול קומט פון הינ־טער דער מחנה. צוויי יונגען טראָגן איובס ווייב. איר קאָפּ פאַרוואָרפן אָן אַ זייט. עס מערקט זיך ניט אין איר קיין סימן פון לעבן. שטן פאַראויס פון די אויף זיינע קוליעס. דער עולם ווערט שטיל, קוקט נשתומם ווי מען טראָגט די פרוי)

**שטן:**
**פאַרשטעלט אונדז ניט דעם וועג, געפּלאָגטע ברידער.**
**ניט ווייט, אין פעלד, צופוסנס פון אַ הויכן פעלז**
**דערזען האָב איך זי ליגן אויף אַ שטיין אַ שטאַרבנדיקע,**
**ווייזט אויס אַליין אַראָפּגעוואָרפן זיך צום טויט.**

**קולות:**
**ס'איז איובס ווייב.**

**שטן:**
**אודאי, איובס ווייב.**
**כ'בין צוגעהונקען גלייך צו איר און זי געמינטערט,**



**ביז וואַנען זי האָט אָנגעהויבן אָטעמען אַביסל,**
**און אויפגעעפנט מיט אַן אויג. זי האָט געקוקט אויף מיר**
**מיט אַזאַ רחמימדיקער, ציטעריקער ליבשאַפט,**
**געוואָלט אָפּנים עפּעס זאָגן מיר, און — ניט געזאָגט.**

**יצחק:**

(איז צוגעלאָפן. אויפגעטרייסלט)

**דאָס זעלביקע כמעט ווי מיט מיין מאַמען.**
**אַ זאָל דער זיידע איוב זי ניט זען.**

**שטן:**
**פאַרוואָס ניט זען? פאַרוואָס? — איין רגע נאָר**
**האָט אָנגעהאַלטן איר פאַרגליווערונג, דערנאָך האָט זי**
**קוים, קוים אַרויסגעזאָגט: כ'וויל זען מיין האַר.**

**פון עולם:**
**זי קוקט דאָך אָבער אויס שוין טויט אינגאַנצן**

**שטן:**
**זי אָטעמט נאָך אַביסל. יאָ, זי אָטעמט נאָך.**
**איז זאָל איר האַר אַליין, דער שטיל געוואָרענער,**
**פאַרנעמען אירע לעצטע שטאַרבנדיקע ווערטער,**
**אויב אירע ליפּן וועלן ווידער זיך אַביסל עפענען.**

**קולות:**
**— און לאָמיר זען צי ער וועט שוויגן שטיל אויך איצט.**
**— צי ער וועט גלייך ניט נעמען גוואַלדעווען און קלאָגן.**
**— דער פאַלשער יאָמערער!**

**שטן:**

**פאַרשטעלט זשע ניט דעם וועג.**

(מען מאַכט אַ וועג. זיי טראָגן די פרוי צום פּלאַץ וואו איוב זיצט אַ פאַרחושטער, אַ צחאַמענגעפאַלענער פון שוואַכקייט. זיי לייגן אַוועק די פרוי אויף דער ערד אַ פּאָר טריט פון איובן)

**שטן:**

אַ זאָל דער האַר ניט צאַרענען אויף אונדז
פאַרוואָס מיר האָבן אויסגעפאָלגט איר וואונטש
צו ברענגען זי צום אָרט, וואו ס׳זיצט דער האַר.

(איוב באַנעמט ניט פון אָנהייב וואָס דאָ טוט זיך. ער זיצט און וויגט זיך ווי אין חלום. ווען ער דערזעט מיטאָמאָל — ווערט ער אויפגעטרייסלט, פאַלט צו צו דער ערד. יצחק איילט צו. העלפט אים זיך אויפשטעלן. איוב ·וויל מאַכן אַ טראַט צום ווייב, און לאָזט זיך צוריק אַראָפּ אין איינבראָך)

**שטן:**

צי וויל דער האַר ניט זען זיין שטאַרבנדיקע האַרינטע?

**איוב:**

מיין האַרינטע — אַ שטאַרבנדיקע?

**ערשטער:**

(פון די טרעגער)

אַ דערהרגעטע.
אַליין אַראָפּגעשפּרונגען פון אַ הויכן פעלז צום טויט.

**איוב:**

(אַ געשריי נעמט זיך אַרויסרייסן פון זיין האַלדז, אָבער ער דערשטיקט דאָס געשריי אין זיך)

**יצחק:**

(הייבט אים אויף פון דער ערד)

צי וויל דער זיידע צוגיין צו דער האַרינטע?

**איוב:**

איך וויל. — אַ פיר מיך צו צו איר.



(יצחק פירט אים צו. איוב קניט איבערן גוסס. זינקט מיטן קאָפּ אַרונטער. קיין קלאַנג פון זיין מויל)

**ערשטער:**

איר זעט — ער האַלט איין זיין געשריי אין זיך.

**צווייטער:**

איצט שעמט ער זיך פאַר אונדז צו שרייען,
צו רופן אויפן קול צו גאָט, צו טענהן וועגן משפּט.

**דריטער:**

האָט מורא.

**פערטער:**

זאָל ער טאַקע פאַר אונדז מורא האָבן.

**איוב:**

(איבערגעוועלטיקט פון זיין פּיין קאָן ניט איינהאַלטן אין זיך זיין צער, אַ געשריי רייסט זיך פון אים אַרויס הויך אויפן קול)

אָז וויי צו מיינע שוואַרצאַפּלען וואָס זעען עס.
מיין האַרינטע, מיין ווייב — אַ זאָג, פאַרוואָס?

**ערשטער:**

פאַרמאַכט אים ס׳מויל — דעם פאַלשן יאָמערער,
וואָס ליאַרעמט דעמאָלט נאָר ווען אים אַליין רירט אָן.

**איוב:**

גערעכט, מיין זון. גערעכט.
איך שלינג אַרונטער דאָס געשריי צוריק אין זיך.

(מיט ווערטער, קוים צו הערן)

פאַרוואָס, זאָג, האָסטו עס געטאָן? פאַרוואָס?

ערשטער:

(מיט חוזק)

ער פרעגט: פאַרוואָס? ביי וועמען פרעגט ער עס?

(צו איובן)

ביים בורא־עולם פרעג. צו אים הייב אויף דיין טענה,
און ניט צו דער, וואָס ליגט שוין ווי אַ מת.

צווייטער:

צו גאָט הייב אויף דיין קול. צו גאָט און ניט צום מת.

איוב:

(אין זעלבן טאָן, קוים צו הערן, איבערגעבויגן איבער דער פרוי)

אַ עפן אויף דיין מויל און זאָג אַ וואָרט, איין וואָרט.
אין גאָר מיין איינבראָך בעט איך.

שטן:

זעט, עס צוקט איר ליפּ,
ס'איז אַלץ נאָך דאָ אין איר אַ הויך פון אָטעם,
אַן אָנוואונק אויף אַ רגעדיקער אויפוואַכונג,
ווי ס'האָט צומאָל געטראָפן מיט אַן אַנדער האָרינטע,
ווען איר איז אָנגעזאָגט געוואָרן אַז איר זון
איז ווי אַ שעפּס געפירט געוואָרן צו דער שחיטה.

יצחק:

(דריקט צענויף זיין קאָפּ מיט בײדע הענט, אַנגסטיק)

פון וואַנען ווייס דער לאָמער ברודער וועגן דעם.
ווער ביסטו דען אַזוינס?

שטן:

ווער דאַרף איך זיין?
כ'בין היינט דער זעלביקער וואָס נעכטן. און איך מיין



אַז דו, מיין האַר, באַדאַרפסט זיך ניט אַריינמישן
אין מיינע רייד.

(יצחק זעצט זיך אַרונטער צו דער ערד. זיצט — די הענט
איבער זיין קאָפּ)

איוב:

(צום ווייב)

אַ עפן אויף אַ רגע דיינע אויגן.
איך בעט דיך — שטאַרב ניט. לאָז מיך ניט אַליין.

פּאָטער:

(פונעם געשטאָרבענעם זון)

איר הערט? אַז מיין קינד שטאַרבט
און לאָזט מיך איבער עלנט און אַליין — דאָס אַרט אים ניט.

איוב:

(באַוועלטיקט פון זיין צער, הערט ניט קיינעמס רייד)

אַ עפן דיינע אויגן אויף איין רגע כאָטש,
מיין ווייב, מיין טייערע־געטרייע האָרינטע.

שטן:

די האָרינטע זאָל טאַקע עפענען איר מויל,
און אויב זי קאָן ניט — זאָל זי פּרוּוון קאָנען.

(די שטאַרבנדיקע עפנט אַביסל אַן אויג, אירע ליפּן נעמען זיך
באַוועגן און קוים, קוים רעדן)

ווייב:

וואו בין איך?

איוב:

לעבן מיר, — מיין ווייב, מיין האָרינטע.

**ווייב:**

ווער ביסטו דען?

**איוב:**

דערקענסט מיך ניט, מיין האַרינטע?

**ווייב:**

אַ שרעקלעך פּנים נויגט זיך איבער מיר.

**איוב:**

דערקען מיך. עפן אויף די אויגן, כ'בעט דיך.

**ווייב:**

(עפנט בײדע אויגן)

כ'האָב קיינמאָל אַזאַ פּנים ניט געזען.

**איוב:**

דיין מאַן בין איך, דיין איוב —

**ווייב:**

דער געפּלאָגטער?

איך זע ניט מער קיין פּלאָג אויף דיר.
איך שטאַרב, און דו ביסט שטיל —

**איוב:**

דו שטאַרבסט ניט,

כ'טו תפילה אַז דו זאָלסט געזונט ווערן.

**ווייב:**

איך וויל עס ניט. ניט טו פאַר מיר קיין תפילה.
איך קען דיך ניט. נעם צו פון מיר דיין פּנים.
איך בין אַראָפּגעשפּרונגען פונעם באַרג כדי צו שטאַרבן.

**איוב:**

(מיט שטיל־שטיל געוויין)



אַ שטאַרב ניט. שטאַרב ניט.

**ערשטער:**

אַזאַ פּחדן!
ער וואָגט ניט מער צו אויפשרייען מיט צאָרן.

**צווייטער:**

אַבי נאָר ער אַליין איז אויפגעריכט צוריק.

**ווייב:**

וואו זיינען אונדזערע קינדער, איוב?
איך הער ניט דיין געיאָמער וועגן זיי.

**ערשטער:**

מיר הערן קיינער ניט זיין ווײ־געיאָמער מער.

**צווייטער:**

און אויך ניט מער זיין משפּט־רוף צו גאָט.

**דריטער:**

אַן אָפּנאַרער איז ער אפילו איצט
ביים לעצטן אָטעם פון זיין שטאַרבנדיקער האַרינטע.

**איוב:**

(גיט אַ הייב אויף פּלוצלינג דעם קאָפּ אין גרויס אויפרודער,
אין אָנפלייץ פון צאָרן)

זייט שטיל! פאַרמאַכט די מײַלער אייערע,
איר — ערב־רב, איר — אָנגעלאָפענער המון,
איר — אָנגעיאָגטע אויף די פליגל פון אַ פינצטערניש,
און אַן דעם מינדסטן בונד צווישן זיך אַליין.
צי ווילט איר מיינע אַנגסטן איבערדרייען אין אַ ליגן?
צי אפשר ווילט איר זיך אַליין צעטרעטן און צעשטויבן?
איר דאַרפט מיין יאָמער? אָט האָט איר מיין יאָמער;
איר דאַרפט מיין שטילקייט? אָט האָט איר מיין שטילקייט;

נאָר ווער פון אייך דאַרף מיך אַליין — יאָ, מיך אַליין,
דעם איינגעבראָכענעם, דעם פּיין־פאַרשעמטן זקן?
און ווער פון אייך דאַרף זי — מיין שטאַרבנדיקער האַרינטע?
איר אַלע ווילט געהאָלפן זיין, געטרייסט זיין,
איר ווילט, דורך גאָט דעם האַר, דערהערט זיין —
נאָר ווער פון אייך האָט ווען געהאָלפן און געטרייסט זיין שכן
מיט אמתדיקער, טרייסטנדיקער הילף?
און ווער פון אייך האָט אויף אַן אמת מ י ך געטרייסט
און טיילן זיך געוואָלט מיט מיינע לײדן אויף אַן אמת?
אָ ווער — אַחוץ מיין שטאַרבנדיקער האַרינטע,
און אַ חוץ אים (ווייזט אויף יצחקן) דעם איינציקן צווישן אייך,
וואָס איז מיר ווי אַ זון.

(ער פאַלט צו צו יצחקן)

אָ יצחק, יצחק!

**יצחק:**

נעם איין דיין צער און אויך דיין צאָרן, זיידע.

**איוב:**

כאָטש דו זיי גוט צו מיר, כאָטש דו פאַרגיב מיר,
אויך דו, ווי כ׳זע, פאַרבאַרגסט פון מיר דיין פּנים איצט.

(צום ווייב)

אָ עפן דיינע ליפּן נאָכאַמאָל, מיין האַרינטע.

**שטן:**

די האַרינטע זאָל ווידער עפענען די ליפּן.

(אַלע וואַרטן. שטיל שוייגן)

**ערשטער:**

די האַרינטע איז טויט, ווי קאָן אַ טויטע ריידן?

**שטן:**

זי אָטעמט נאָך. זי עפנט אירע ליפּן. זי וועט ריידן.



**ווייב:**

וואו זיינען אונדזערע קינדער, איוב?
אין פייער זיינען זיי.
איך זע זיי ברענען אין די פלאַמען.
זיי רופן מיך צו זיי אין פייער.
איך גיי צו זיי. כ׳בין זייער מאַמע.
זיי רופן פון די פלאַמען אויך צו דיר.
פאַרוואָס פאַרמיידסטו פון צו גיין צו זיי?
פאַרוואָס באַהאַלטסטו זיך פון זיי?
פאַרוואָס אַנטלייפסטו אויך פון מיר?
וואוהין אַנטלויפסטו, איוב?
ביי וועמען זוכסטו טרייסט און הילף?
פאַרוואָס גאָר מיינסטו אַז דיר קומט עס?
פאַרוואָס גאָר מיינסטו אַז דיר קומט גערעכטיקייט?
וואו זיינען אונדזערע קינדער, איוב? —
פאַרוואָס קומט ז י י ניט קיין גערעכטיקייט?
פאַרוואָס, זאָג, שטייען זיי ניט אויף פון פייער? —
פאַרוואָס, זאָג, טרייסטו ניט דעם אַש פון דיינע קינדער
און הייבסט זיך אויף און ווילסט פאַרלאָזן זייער אַש? —
אָ נעם אַוועק פון מיר די אויגן דיינע.
אָ נעם אַוועק די שטילקייט — — —

(שטאַרבט)

**שטן:**

נאָכאַלעמען. די האַרינטע איז טויט.

**איוב:**

(מיטן פּנים צו דער ערד. ליגט אַ צוזאַמענגעפאַלענער)

**איינער:**

דער צער פון אונדזער האַר איז גרויס.
מען דאַרף די האַרינטע אַוועקנעמען פון דאַנען.
(צו יצחקן)

דער גוטער האַר זאָל העלפן.

**שטן:**

וייל אויב ניט

קאָן אָנפאַלן נאָך מערער גרויל אויף אַלעמען

און מיטן גרויל — בהלהדיקער חשד.

**צווייטער:**

כ׳בין טאַקע חושד. — יאָ, כ׳בין חושד.

דער אומקום פון דער האַרינטע, קאָן זיין, איז נאָר גענאַרעריי,

כדי אונדז אַלעמען די אויגן צו פאַרבלענדן,

כדי צו אָפּטויטן אין אונדז דעם ווילן און דעם כח

צו מאָנען וואָס אונדז קומט: — דעם זכות פון נס.

דער נס, וואָס האָט זיך פריער אָנגעהויבן שוין

און גליק געבראַכט דעם בלינדן און דעם לאָמען.

**דריטער**

דער זכות פון נס קומט יעטוועדן פון אונדז.

(צו איובן)

דער האַר זאָל אויפהויבן דעם קאָפּ און הערן וואָס מיר מאָנען!

**איינער:**

וואָס שנעלער צונעמען דעם מת פון דאַנען.

(צו יצחקן)

איך בעט דעם גוטן האַר צו העלפן

אַוועקנעמען דעם מת אַביסל ווייטער פונעם אָבלס אויגן,

כדי דעם אבלס האַרץ זאָל עפּוואָס זיך באַרואיקן.

כ׳בעט נאָכאַמאָל דעם גוטן האַר.

(יצחק און נאָך אייניקע נעמען דעם מת און טראָגן אים צום הינטער פון די מחנות. שטן גייט נאָך. איוב הייבט אויף דעם קאָפּ, קוקט ווי מען טראָגט אַוועק זיין ווייב. זינקט צוריק אַרונ־טער)



**איוב:**

אויך יצחק נעמט זיך שוין דערווייטערן פון מיר;

אויך זיינע אויגן, שפּיר איך, זוכן ווי מיך אויסצומיידן,

ער לאָזט אַראָפּ די ברעמען זיינע ווען ער רעדט צו מיר.

ער טראָגט מיין האַרינטע אַוועק אין פעלד דערביי,

און איך האָב ניט קיין כוח אויפצוהייבן זיך פון אָרט.

(מיט אַן אויפגעוואַכטער ענערגיע)

וואָס שטייט איר און איר קוקט אויף מיר ווי בייזע לויערער,

גלייכגילטיקע און קאַלטע צום אַוועקגיין פון מיין האַרינטע?

וואָס שטייט איר און איר היט אַיעדן ריר פון מיין מחשבה

אַזוי ווי אויף אַן אמת כ׳וואָלט געווען איך עפּעס שולדיק?

וואָס ווילט איר פון מיר אַלע? גייט אַוועק פון דאַנען!

כ׳וויל זיין אַליין. אָ גאָט, באַשעפער, נעם זיי צו פון מיר.

צעטרייב זיי פון פאַר מיר, צעיאָג זיי!

איך קאָן מיין אייגן שטיקל לעבן ניט פאַרענטפערן, —

היינט ווי זאָל איך פאַרענטפערן דעם צער פון זייער לעבן?

אַוועקט פון מיר!

**קולות:**

מיר וואַרטן אויף אַ נס דורך דיר.

דיין אייגן לייב איז נס. — מיר האָבן עס געזען.

אין אַלע דיינע אברים, אין דיין בלוט ליגט נס.

מיר וואַרטן. און אויב ניט, —

(זיי הייבן דיערע פויסטן אַנטקעגן אים)

**איוב:**

איר סטראַשעט מיך?

„גענאַרעריי" האָט ווער פון אייך געזאָגט

מיט זיינע שנאהדיקע בייזע ליפּן,

און נאָכדעם מאָנט איר אַלע נסימדיקן גליק ?
אַוועקט פון מיר, — איר ווילד צונויפגעלאָפענע !

(פאַלט צו צו דער ערד)

מיט וואָס זאָל איך פאַרענטפערן מיין לעבן איצט ?
מיט וואָס זאָל איך באַרעכטיקן מיין גרויען קאָפּ
וואָס האָט זיך אויפגעהויבן פון זיין נעכטיקער פאַרזונקענקייט ?

(שטעלט זיך אויף, גלייכט זיך אויס, הייבט אויף זיינע הענט צום הימל מיט פיבערדיקער קראַפט)

אַ גאָט, מיין האַר — זיי אַלע ווילן נסים, גליק און פרייד,
זיי אַלע ווילן זיין באַפרייט פון מום און טויט, —
נאָר זי, מיין האַרינטע, האָט אַנדערש אויסגעפירט איר ווילן.
פאַרוואָס האָסטו דערלאָזט אַז זי זאָל אויספירן איר ווילן ?
פאַרוואָס האָסטו ניט אָפּגעהאַלטן איר סכנה־שפּרונג ?
איך האָב ניט מער קיין כח, האַר באַשעפער,
צו יאָמערן. כ׳בין מיד. כ׳בין אויסגעשעפּט.
איך פרעג אָבער : פאַרוואָס האָסטו דערלאָזט,
אַז זי, מיין האַרינטע, זאָל שטאַרבן ? — כ׳פרעג : פאַרוואָס ?
פאַרוואָס ? פאַרוואָס ? איך וויל אַן ענטפער !

(אין דער רגע ברעכט אויס גאָטס קול אין אַ שטורעם, דונערן און בליצן. שטיקער פייער נעמען אַראָפּנידערן אויף אַלעמען. אַ מבול פון פלאַמען.

דער גאַנצער עולם, אין פחד־געשרייען, ווערט פונאַנדערגעטראָגן אין אַלע זייטן דורך די פלאַמען.

אין די אויפבליצן זעט מען פון מאָל צו מאָל איובן ווי ער ליגט אויסגעשטרעקט מיטן פנים צו דער ערד, און אַמאָל הייבט ער



זיך אויף אַביסל אויף די קני, און זיין פנים איז אַרומגעכאַפּט מיט העלישער ליכטיקייט.

אין הינטערגרונט זעט מען, בשעתן בליץ־אויפלויכט, אויך יצחקן, אַ צוגעפאַלענעם צו דער ערד. דערנאָך זעט מען ניט קיין זאַך, אַחוץ פלאַמענדיקייט.

און ס׳טראָגט זיך גאָטס קול)

**גאָטס קול :**

ווער פאַרטונקלט דאָס מיין כוונה
מיט ווערטער אָן פאַרשטאַנדיקייט ?
גורט אַקאָרשט אָן ווי אַ מאַן דיינע לענדן,
און איך וועל דיך פרעגן, און דו מאַך מיך וויסן :
וואו ביסטו געווען ווען איך האָב געגרונטפעסטיקט די ערד ?
זאָג, אויב דו ווייסט פאַרשטאַנדיקייט,
ווער האָט געמאַכט אירע מאָסן — אויב דו ווייסט ?
אָדער ווער האָט געצויגן אַ מעסטשנור אויף איר ?
אויף וואָס זיינען אירע גרונטמויערן אַרויפגעזעצט ?
אָדער ווער האָט געלייגט איר ווינקלשטיין,
ווען די מאָרגנשטערן האָבן אינאיינעם געזונגען,
און אַלע זין פון גאָט האָבן געשאַלט ?
און ווער האָט פאַרצאַמט מיט טירן דעם ים,
ווען ער האָט אויסגעבראָכן און איז פון טראַכט אַרויס ?
ווען איך האָב געמאַכט דעם וואָלקן פאַר זיין מלבוש,
און דעם נעבל פאַר זיין וויקלשנור,
און איך האָב באַשטימט פאַר אים מיין געזעץ,
און געמאַכט ריגלען און טירן פאַר אים,
און איך האָב געזאָגט :
ביז אַהער זאָלסטו קומען און ניט ווייטער,
ביז אַהער — און ניט ווי־ייי־ט־ע־ר — — —

(דונערן. בליצן. פֿאָרהאַנג פֿאַלט ווען גאָטס קול האַלט אין פֿאַרשטאַרקן זיך.

פֿאָרהאַנג הייבט זיך אויף באַלד צוריק.

שטורעם פֿאַרביי.

פֿרימאָרגן לויכט. שטילקייט.

אַלע מחנות פֿאַרשוואונדן.

איוב ליגט מיטן פּנים אַרונטער. נעמט ביסלעכוויז אויפֿהייבן זיין קאָפּ, בלייבנדיק געקניט.

אין הינטערגרונט זעט מען יצחקן אויפֿהייבן זיך און שטיין בלייבן).

**איוב:**

**גאָט מיין האַר,**
**זע ווי ווינציק איך בין; וואָס קאָן איך דיר ענטפֿערן?**
**איך טו אַרויף מיין האַנט אויף מיין מויל,**
**גאָט מיין האַר.**

**(פּויזע)**

**מיטן געהער פֿון אויער האָב איך געהערט דיין קול,**
**און אַצונד האָט מיין אויג דיך געזען. —**
**און אָט ליג איך פֿאַר דיר אין שטויב און אין אַש.**

**(פּויזע)**

**האָסט געטאָן וואונדער מיט מיר,**
**אָבער איך בין דאָס ניט ווערט געווען.**
**די וואונדער זיינען ווערט געווען אַנדערע.**
**מיין זינד און מיין שולד קעגן די אַנדערע —**
**אין שטויב און אין אַש.**

**(פּויזע)**



**מיין שולד אַנטקעגן זיי איז דער אמתער באַווייז**
**פֿון מיין שולדיקייט אַנטקעגן דיר —**
**אין שטויב און אין אַש.**

**(פּויזע)**

**וואו זיינען זיי, — די צעיאָגטע, די צעשטויבטע?**
**צי ניט איך אַליין האָב זיי צעטריבן,**
**צי ניט איך אַליין האָב זיי צעיאָגט אין דיין פֿייערווינט?**
**ווער בין איך אין פֿאַרגלייך מיט זיי —**
**אין שטויב און אין אַש?**

(פּויזע. וויינט שטיל־תּפֿילהדיק)

**און זי — מיין האַרינטע, זי איז ניטאָ;**
**זי איז אַוועק אַהין וואו אונדזערע קינדער;**
**ביסטו, גאָט מיין האַר, מיין איינציקע פֿעסטונג,**
**ווי איך ליג אונטער די פֿליגל פֿון דיין שוץ —**
**אין שטויב און אין אַש.**

**יצחק:**

(האָט פֿאַר דער צייט זיך דערנעענטערט, געשטאַנען הינטער איובן, ער רופֿט זיך אָפּ)

**דער בעל־יסורים דאַרף ניט וויינען.**

**איוב:**

**(שטעלט זיך האַלב אויף)**

**דיין צוקומען צו מיר דערפֿרייט מיין האַרץ, זון מיינער.**
**פֿאַרשעמט בין איך פֿאַר גאָט דעם האַר,**
**און אויך פֿאַר אַלע וואָס איך זע זיי דאָ ניט מער.**
**און אויך פֿאַר דיר בין איך פֿאַרשעמט.**

**(ער וויל זיך אויפֿשטעלן. קאָן ניט)**

**יצחק:**

(העלפט אים, זעצט אים אַוועק אויף זיין אָרט פון פריער)

**איוב:**

ביסט דאָ געווען די גאַנצע צייט פון שטורעם?

**יצחק:**

געהערט גאָטס קול און אויך געזען גאָטס פּנים.

**איוב:**

און זיי? צעלאָפּן זיינען זיי אין פּאַרכט פאַר גאָט?
צי אפשר גאָר אין גרויל פאַר מיר
און פאַר מיין אויפהייבן זיך פון טויטן אַש?
איך בעט דיך, ענטפער מיר און מאַך מיר קלאָר:
איז טאַקע אַזוי אומפאַרדינט געווען פאַר מיר
די איינשטילונג פון מיינע ווייטאָקן און וויי־געשרייען?
און אין דער איינשטילונג — צי האָב איך ניט געטאָרט
באַוויינען מיין געטרייע האַרינטע?

(פויזע. שטילקייט)

וואָס שוויגסטו, יצחק?
צי מיינסטו אויך אַז מיינע ליפּן האָבן ניט געטאָרט
צעשמייכלען זיך, ווען ס'איז געשען מיט מיר דער נס
צו ווערן אויסגעלייזט אין איין מינוט פון טויט־יסורים?
צי קומט מיר שוין אַפילו ניט קיין רגע רו?
צי בין איך ערגער פון אַ יורם, פון אַ תובל?
צי דו האָסט ניט געטאַנצט ביי דיין אַרונטערגיין פון טויט־מזבח?

**יצחק:**

(שוויגט)

**איוב:**

צי דו האָסט ניט געטאַנצט? איך פרעג דיך.



**יצחק:**

(מיט שטילע ליפּן)

ניין.

**איוב:**

צי זאָל איך מיינען אַז אויך דו ביסט ניט צופרידן —

**יצחק:**

כ'פאַרשאַף דיר צער. פאַרגיב מיר, זיידע.
ביי מיין אַרונטערגיין איז קיינער ניט געווען דערביי,
אַחוץ מיין פאָטער. שטיל און וויסט געווען אַרום.
און קאַלט. אַן עלנדקייט פון אויפגעשפּיצטע בערג.
מיין האַרץ אין מיר האָט זיך געוואָרפן און געהאַמערט,
די וועלט אָבער אַרום האָט ניט געוואוסט דערפון.

**איוב:**

ווייל — האָסט ניט אויפגעשטורעמט מיט געשריי?
ווייל — האָסט ניט אויפגעהייבן קיין געליאַרעם, ניט געגוואַלדעוועט?

**יצחק:**

(שוויגט)

**איוב:**

דו ווילסט מיך ניט פאַרשעמען — שוויגסטו ווידער?

**יצחק:**

איך ווייס ניט, זיידע. עפּעס ווערט מיר קלאָר און קלערער:
ווען גאָטס געשריי איז לויטער העליש פייער —
איז מענטש־געשריי נאָך אַלץ ניט מער ווי לייב־געשריי,
ניט מער ווי פליש און בלוט און וואונד־געשריי,
ניט מער, ניט מער ווי אַ פאַרשעמונג, זיידע.
די ווערטער מיינע זיינען אויך צו מיר געווענדט.

**איוב:**

רעד נאָך, מײַן זון.

**יצחק:**

(עקסטאַזיש, ווי פאַר זיך אַליין)

אַ גאָט, שטיל אין דעם ייִדנס האַרץ
מיט דער־אַ שטילקייט־רו וואָס נ אָ ך דײַן שטורעם!

(צו איוב)

אַ ייִדע, גאָט איז אין דער שטילקייט מערער ווי אין שטורעם.
אָט קוק און זע גאָטס פּנים אין די גראָזן, אין די זעמדלעך.

**איוב:**

צי מיינט עס, זון מײַנער, אַז מײַנע נעכטיקע יסורים
און אַלע מײַנע נעכטיקע יסורים זײַנען בטל?

**יצחק:**

ווער בין איך, ייִדע, דיר צו ענטפֿערן אויף דעם?
אויף דעם וועט גאָט דער האַר אַליין דיר ענטפֿערן,
ווען דו וועסט זיך אויסקלאַזן אין װאַנדער־וואָגל
און וועסט צענויפֿזאַמלען די ווײ־געשרייען און יסורים
פֿון אַלע, אַלע לײַדנדיקע און צעפּײַניקטע —
פֿון אַ ל ע מענטשן אויף דער ערד, פֿון ערשטן ביזן לעצטן,
און וועסט זיי ברענגען און אַנידערלייגן זײַ פֿאַר גאָט.

**איוב:**

איך שפּיר אַן ענדערונג אין דיר, אין דײַנע ווערטער,
אפֿילו אין דײַן קול, — אַזוי ווי צאָרן קעגן מיר.
וואָס קוקסטו אַזוי שאַרף אויף מיר, מײַן זון?
וואָס ציטערן אַזוי די ליפּן דײַנע?

**יצחק:**

אַ ניין. חלילה, ייִדע. גאָר פֿאַרקערט:
אַ ליבשאַפֿט־רחמים נעמט אַרום מײַן האַרץ



צו דיר, מײַן אומבאַקאַנטער ייִדע, ווי צו דעם
וואָס האָט פֿאַרזוכט, נאָך זכות׳יקער פֿון מיר,
גאָטס פֿײַערדיקן ברען פֿון נס־נסיון.
איך האָב געזען דײַן צער און אויך דײַן פֿרייד,
איך האָב געזען אויך דײַנע בעטנדיקע הענט.

(פּויזע)

איך האָב געוואָלט דעם צווייטנס לײַדן ניט נאָר פֿילן,
נאָך אויך פֿאַרשטיין, און אויך פֿאַרשטיק זײַן רעכט אויף טענה.

**איוב:**

פֿאַרשטייסטו איצט, מײַן זון?

**יצחק:**

אַ ביסל מער ווי פֿריער.
פֿאַרשטיק א י נ ג אַ נ צ ן וועל איך ערשט, ווען אַלע לײַדן,
וואָס דו וועסט אויפֿזאַמלען אויף גאָר דער ערד
דורך דורות, וועלן פֿיבערן אין דיר ווי דײַנע אייגענע יסורים —
גאָט־אַנטפּלעקנדיקע.

**איוב:**

זון מײַנער, דערווײַלע זיץ איך דאָך
אויף חורבן־אַש, אויף חורבן פֿון מײַן לעבן, שוואַך און עלנט;
דערווײַלע זע, צי בין איך ניט קיין גאָט־ג ע נ י ז ו ק ט ע ר?

(יצחק שווײַגט)

וואָס שווײַגסטו מיטאַמאָל? וואָס איז מיט דיר?

(יצחק שווײַגט)

צי מיינסטו, אפֿשר, אַז איך האָב נאָך ניט גענוג געליטן,
נאָך, אפֿשר, ניט גענוג געוואַלגערט זיך אין חורבן?
דו הערסט מיך? צי דו קערסט זיך אָפּ פֿון מיר?
איך שפּיר אין דיר אַ פּלוצימדיקע אומגעדולד,
צי ווילסטו מיך פֿאַרלאָזן?

יצחק:

יאָ, ס'איז צייט.

איוב:

צי וועל איך דיך, מיין זון, ניט זען שוין מער?

יצחק:

אויף וואָגל־וועגן וועסטו מיך באַגעגענען געווים.

איוב:

צי מיינט עס אַז איך דאַרף אַוועק פון דאַנען וואָגלען?

יצחק:

ווער בין איך אַז איך זאָל אַזוינס פאַרלאַנגען,
ווען כ'זע דעם יידן זיצן שוואַך און מיד?

איוב:

און ווען איך וואָלט זיך אויפגעהייבן שטאַרק און קרעפטיק?

יצחק:

ווער בין איך אַז איך זאָל אַזוינס פאַרלאַנגען,
ווען איך אַליין שטעל אָן מיין טראָט דערוויל
צו גיין צוריק צום פאָטערס רו־געצעלטן.

איוב:

ד ע ר ו ו י י ל? —

יצחק:

די וואָגל־וועגן מ ו ז ן קומען, יידע.
פאַר איינעם — אפשר שוין, פאַר איינעם — אפשר שפּעטער.

(קוקט אויף איובן לאַנג)

זאָל רוען שלום אויף דיין קאָפּ און אין דיין האַרץ.

(אָפּ מיט שנעלע טריט. איוב קוקט אים נאָך, זיינע הענט אויס־
געשטרעקט צום אַוועקגייענדיקן).



בילד זיבן

# בילד זיבן

(דאָס זעלבע פּלאַץ וואָס אין ערשטן בילד. שטן אין געשטאַלט פון ערשטן בילד. דער טאָג נייגט זיך צום אוונט. פון צייט צו צייט בליצט עס לייכט)

**שטן:**

דער סדר פון דער וועלט איז איינגעשטעלט צוריק, באַשעפער.
דער מענטש האָט אָפּגעיאָמערט טעג און נעכט אַ פּאָר,
דערנאָך געוואָרן שטיל און רואיק ווי געווען,
אפילו ווען אין עלנדקייט, אפילו ווען אַ נשרף;
אין דונער פון דיין קול און אַלץ באַקומט אין זיינע אויגן
צוריק אי גאַנצקייט, אי פאַרענטפערונג, אי פּתרון.
צי מיינט עס, גאָט מיין האַר, אַז איך ווער בטל,
אַז איך פאַרשפּיל? — אַ ניין, עס מיינט נאָך ניט.
ווייל מיין פאַרשפּילן איז אויך חל אויף דיר;
ווייל, וואַרהאַפטיק, ערשט איצט בין איך דיין אַפּשיין.

(פּויזע)

דו ענטפערסט מיר ניט. אָבער איך דערוואַרט אַן ענטפער.
ער מוז ניט דווקא זיין אין דונער און אין בליצן.
דו קאָנסט מיר ענטפערן אין שטילקייט. איך בין מיד
פון אַ ל ע שטורעם־קולות.

(פּויזע)

הער מיך צו, איך פרעג —
און אויב דו ענטפערסט מיר ניט, פרעג איך זיך אַליין :
צו וואָס געמאַכט אַ וועזן פון אַ לייב און וואונדן ?
צו וואָס געמאַטערט עס אין פלאַמיקן קדחת ?
און וואָס האָסטו געוואונען אויב אפילו דו האָסט אויסגעפירט ?
אויב איך האָב מיך אַריינגעלאָזט אין אָט דער שפּיל —
איז טאָקע שפּיל, און ניט קיין אַנדער זאַך, געווען מיין מיין ;
דעריבער זעט מיר אויס משונהדיק וואָס דו, באַשעפער,
האָסט אַנגעשטעלט אַזויפיל שווערע שטורעמס,
און אַנגעלאָדן זיך אַליין מיט גאָר דיין מאַכטיקייט
אַנטקעגן אַזאַ שוואַך באַשעפעניש ווי ס'איז דער מענטש.
אַז מיר איז ניט געווען צום האַרצן איובס אַנשטעל,
זיין גלייכן זיך צו דיר, וואָס מיינט דאָך אויך — צו מיר,
האָב איך אים צוגעפירט צו קלאַגעניש און פאַרטיק. — — —
כ'האָב, אמת, איינגעשטעלט אַ סך אויף יענע רגעס גראָד,
וואָס קומען נ אָ ך די קלאַגענישן, נ אָ ך די ווײ־געשרייען,
ווען גוף, לויט מ י י ן חשבון, וואָלט דעמאָלט ערשט באַדאַרפט
אַריינפאַלן לגבי זיך אין ביטול, און לגבי דיר — אין האָס ;
נאָר אויסגעלאָזט האָט זיך פאַרקערט ווי כ'האָב גערעכנט :
דער בעל־יסורים האָט נאָך מער זיך אַנגעטרויט אין דיר
אין אַנפאַל פון פאַרלאָרנקייט און אַנמאַכט.

קול :

צי ביסטו מער שוין ניט צופרידן מיט דיין גורל
צו זיין אַן אויסגלייכער, ווי דו אַליין האָסט זיך געקרוינט ?

שטן :

אבי דו ענטפערסט מיר, איז מיר שוין לייכטער,
אפילו ווען איך הער אַן אָפּשפּאָט אין דיין קול.

קול :

דער קול, וואָס ענטפערט איצט, איז דאָך דיין אייגן קול.



שטן :

מיין אייגן קול ?

קול :

צי פריער האָסטו ניט געטראַכט גאָר וועגן דעם ?

שטן :

אויך איצט איז עס פאַר מיר אַ ביטערער געדאַנק.

קול :

געוואוין זיך צו צו טראַכטן אָן פאַרביטערונג,
ווייל סיי ווי סיי שוין טאָרסטו איובן ניט וויי טאָן מער,
און דאָס וואָס נעכטן איז געשען טאָר מער זיך שוין ניט אומקערן.

שטן :

און אפשר קאָן געשען נאָך עפּעס ערגערס ?

קול :

צי ס'קאָן, צי ניט — נאָר דו קאָנסט אין זיין גבול ניט זיין מער.

שטן :

באַדאַרף איך, הייסט עס, צוגעבן מיין טעות ?
נאָר וואָס געווינט דאָ איוב אין זיין גאָרן עלנד ?
איך פרעג עס ניט צום ערשטן מאָל שוין היינט.
און וואָס געווינט דערפון זיין שוואַרצער חורבן ?
און דו אַליין, באַשעפער, וואָס געווינסטו דורך מיין טעות,
אויב דאָס וואָס איז געשען בלייבט סיי ווי סיי געשען,
און דאָס וואָס איך האָב אָפּגעטאָן בלייבט אָפּגעטאָן סיי ווי,
און ס'קאָן דעריבער שוין ניט זיין פאַררעכנט פאַר קיין טעות,
און אויב אַ טעות איז עס ד י י ן טעות, ניט מיינער,
ווייל איובס ניט פאַרדינטע פיין ה אָ ס ט ו געבראַכט, ניט איך,
און איצט, — האָסט איובן צוריק געוואונען, הייסט עס ?
נון זאָג איך, האַר באַשעפער, אַז פאַרלאָרן האָט איר בידע.
צי קאָנסטו אַ געשעעניש פאַרוואַנדלען אין אַן אומגעשעעניש ?
צי קאָן אַן איינגעשטילט געיאָמער אויפהערן צו זיין געיאָמער ?

אפילו ווען פארברענטע קינדער וואלטן אויפגעלעבט צוריק —
צי קאנען בטל ווערן די יסורים זייערע פון נעכטן
בשעת זיי האבן זיך געפרעגלט אויפן פייער ?
צי קאנען אברים אויסגעהיילטע פון געשווירן
פארגעסן און פארגעבן די געוועזענע געשוואלנקייט ?
צי קאן א מארגנליכט פארבייטן אויף אן אמת
די אנגעליטנקייטן פון א בלינדער פינצטערניש ? — — —
ניט אנדערש סיידן אז דו קאנסט דעם נעכטן
אינגאנצן עוקר מן השורש זיין, אינגאנצן אפמעקן, —
נאר דעמאלט וואלסטו זיך אליין דאך אפגעמעקט פון דיין פאראנענקייט.
וואלט דאס געווען, באשעפער, א געווינס פאר דיר ?
איך פרעג, ווייל כ'זיץ איצט אויף דיין יונגער ערד
און כ'קלאפ זיך מיט מיין שטערן אן איר הארטן שטיין,
דאס מיינט דאך אז איך קלאפ זיך מיטן קאפ אן ד י י ן פארהארטקייט.
איז וויל איך טאקע דיך אליין אוועקרייסן פון זיך אליין,
איך וויל פונאנדערפליקן אלע דיינע אנהאלטן,
און כ'וויל צעשטויבן אלע דיינע יש'ן.
און אויב דו ווילסט דורכאויס ממשות און יסוד,
איז מיין באגער געווען צו ברענגען דיר דאס אמתע ממשות:
יסורים פון א לייב און הייסע קלעפיקייט פון בלוט,
דו זאלסט זיך איינטונקען מיט גאר דיין אייביקייט אין זיי, —
ווייל וואס קאן זיין נאך מער ממשותדיק ווי לייב, ווי בלוט ?
און וואס קען זיין נאך מער ממשותדיק ווי וואונד, וואס רייסט ?

(פויזע)

נון, רעד איך איצט צו דיר אזוינע שארפע רייד,
וואס אין דער אמתן האט איוב גאר באדארפט זיי רייד;
יא, יא. — ווען ער וואלט ניט ארויסגעוויזן זיך צו זיין
א שרייער נאר, וואס ליארעמט ווי א וואלף צווישן שטיינער
ווען זיי, די שטיינער, דריקן צו זיין עק
און האלטן אים אין קלעם. באפרייסטו אים דעם עק —
איז ער צוריק דער אלטער מדברדיקער וואלף.



**קול:**

אנשטאט צו לעסטערן, נעם מאך זיך בעסער גרייט
צום אנקום פון דיין נאנטן סוף.

**שטן:**

מיין נאנטער סוף ?
צי האט די נאנטקייט ניט קיין שייכות אויך צו דיר, באשעפער ?
ווייל וואס איז אייביקייט אליין, אויב ניט צעשטויבטע ברעקלעך סוף ?
און אויב דו ווילסט כ'זאל טראכטן ליכטיקער און מילדער,
צעשטראל איך מיין מחשבה און איך זאג אזוי:
ניט אנדערש סיידן אז דורך עמיצנס יסורים,
דורך צודעקן א לעבעדיקן גוף מיט יאטערדיקע וואונדן,
ביסטו מתקן טאקע עפעס אין דיין יונגער וועלט,
און ברענגסט דורך דעם א תיקון אויך פאר זיך.
אויב יא — באדארף איך אננעמען אז אויך אן מיר
פארגעסטו ניט און גיסט אויך מיר א חלק תיקון.

**קול:**

דו חשבונסט גראב.

**שטן:**

אויב יא אזוי, באדארף איך זאגן אפן
אז דו האסט קיין זאך ניט דערוויזן אין דיין שטורעם־ענטפער,
אחוץ צו לאזן הערן דיינע גדלותדיקע קולות,
אחוץ צו אנווארפן א הימל־ים מיט אימה.
קיין איין נחמה־ווארט איז ניט געווען אין דיין צעדונערטקייט,
קיין ביסל ווארעמקייט צו איובן, קיין טראפן חסד.
ערשט איצט דערזע איך, און איך לערן אפ א לערנונג,
אז ס'איז א צער און א רחמנות טאקע אויפן מענטש. —
רחמנות ווען ער לײדט, און מער נאך — ווען ער פרייט זיך
און ווען ער נעמט, דורך אוממאכט, זינגען צו דיר שבחים.
א גרויס רחמנות אזש ביז איבל פילט מיך אן,
ווען איך דערמאן זיך נאר אן איובס גולם־שמייכל נעכטן פרי.
נאר זאגן זאג איך דיר: גערעכט, בכלל, איז איוב,

און זיינע טענות זיינען אמתער געווען פון דיינע ענטפערס,
און בלייבן וועלן זיי אין זייער אמתדיקער שטאַרקייט אייביק.
נאָך אייביקער און אמתער פון זיי וועט בלייבן
די ניט פאַרענטפערטע און ניט דערהערטע שטומקייט
פון גאָר דעם מענטשן־שטויב, וואָס האָט זיך אַנגעטראָגן
אַרום דעם עלנטן געצעלט פון איובן, און וואָס דיין פייער
האָט אים צעשליידערט און צעשפרייט אין חלל פון דיין וועלט.
געוואונען פונעם גאַנצן שטורעם דיינעם האָבן נאָר
צוויי אָרעמע עבדימלעך — אַ בלינדער און אַ לאָמער,
פאַרשטייט זיך — דורך דיין גוטער, גנעדיקער הסכמה.

(פאַרגייט זיך אין לאַכן)

געהאָט רחמנות אויף דעם צער פון זייער תמימות,
און נאָך מער — אויף דעם צער פון דיינע חסדימלעך,
יאָ, יאָ — צוויי אָרעמע, צוויי נאַרעשע עבדימלעך. —
איז זאָל עס זיי, איך זאָג דיר, וואויל באַקומען.
פאַרגין עס זיי — אַזוי ווי איך פאַרגין זיי.

(פויזע)

אויך איובן זאָל וואויל באַקומען זיין דערלייזונג,
זיין שמחה וואָס ער קאָן שוין שטיין, און ניט נאָר ליגן,
אויף אַלע קופּעס אַש פון זיינע חורבות
און אויך אויף די שאריתן פון זיינע קינדערס ביינער;
ער קאָן אַפילו אָנטאַפּן די ביינער און די שאַרבנס,
ער קאָן זיי צונעמען אפילו פאַר אַן אייביקן פקדון
און אויספּוצן מיט זיי זיין נייע שטוב וואָס ער וועט בויען. —
אַודאי וועט ער בויען זיך אַ נייע שטוב. אודאי!
ווי אנדערש דען? — אַודאי וועט ער בויען זיך אַ נייע שטוב!
משער בין איך זיך זיין גדולה היינט —
ער זיצט געוויס שוין איבער אַ געבראַכטן קרבן־שעפּס,
אַן אָפּגעבראָטענעם לכבוד דיר, אין דאַנק צו דיר,



און קייט געוויס אויף בידע באַקן שטיקער פלייש,
און זויגט די מאַרכן און באַלעקט זיך מיט די פעטקייטן,
און תפילה'וועט. — ניט אמת, האַר, באַשעפער פון דער וועלט?

(פויזע)

נו יאָ, איך רעד צו־גיפטיק, וועסטו זאָגן;
נו יאָ, — וואָס בלייבט מיר אַנדערש דען צו טאָן?
ניט אַנדערש סיידן ווי נאָר אויסשטרעקן די הענט
און בעטן זיך: אַ גאָט, באַפריי מיך פון באַזונדערקייט,
נעם ליין מיך אויף צוריק אין זיך — אין דיין איך־איינציקייט!
אַ, האַר, באַשעפער פון דער וועלט, אַ נ ט ' ש ט ן מיך!
ווייל אויב איך דאַרף פאַרבלייבן ווייטער ווי איך בין,
איז בעסער שוין איך זאָל מגולגל ווערן אין אַ שטייך,
צי אין אַ דאַרנבוש, אָט דאָ צווישן אַלע בושעס; —
איך האָב אַמאָל געשטעקט שוין אין דער ערד — אַ דאַרנבוש,
און ס'איז מיר גוט געווען. איך זאָג דיר, בורא־עולם,
דער מענטש — האַלב חיה און האַלב צלם־אלהים —
דערווידערט מיך אויף טויט מיט זיין צעשפּאַלטנקייט.
איך בעט דיך, גאָט מיין האַר, אַנט'שטן מיך.

(ציט זיך אויס אויפן שטיין. ליגט. עס קומען אַן מיטן מדבר־וועג יורם און תובל, זינגענדיקע, טאַנצנדיקע)

**יורם:**

ליכטיק, פריילעך איז די וועלט.

**תובל:**

כ'האָב בידע פיס אויף איר געשטעלט.

**יורם:**

די זון פאַרגייט; וואָס אַרט עס מיך?

**תובל:**

כ'קאָן שפּאַנען אויף דער ערד אַן שיך.

**יורם:**

כ׳וועל מאָרגן זען אַ זון אַ צווייטע.

**תובל:**

און וועגן זײַנע פרייע, ברייטע.

**שטן:**

און אַפּטמאָלווילדע און פאַרדרייטע.

**יורם:**

ווער מאַכט עס שפּאַס פון אונדזער פרייד?

**שטן:**

חלילה, כ׳זוך נאָר אַ באַשייד,
ווי אַזוי צו צוויי זאָל אויך אַ דריטער
אַ שותף זײַן צו פרייד־געמיטער.
עס מוז אײַך גוט זײַן אויב איר זינגט.

**יורם:**

אוודאי איז אונדז גוט.

**תובל:**

דער האָר — פון וואַנען?

**שטן:**

פון דאָרט פון וואַנען איר; און אפשר גאָר
פון ערגעץ אַנדערש נאָך.

**יורם:**

אַן ענטפער מיט אַ רמז.

**שטן:**

ס׳איז יעדע זאַך ניט מערער ווי אַ רמז,
אפילו יעדער מענטש מיט אַלע זײַנע אברים,
מיט זײַנע בײדע אויגן און מיט זײַנע בײדע פיס.



**יורם:**

דער ברודער וואַנדערער האָט עפּעס בכוונה.

**שטן:**

ניט מער ווי איר מיט אײַער בײדנס פריילעכקייט.
איך זע צוויי יונגען גייען זינגענדיק און טאַנצנדיק —
איז דאָך געוויס פאַראַן אין דעם אַ רמז.
צי אפשר טאַנצט איר גלאַט אַזוי, אויף הפקר?

**תובל:**

ניט גלאַט אַזוי, נאָר טאַנץ אין דאַנק צו גאָט.

**שטן:**

אין דאַנק — פאַרוואָס?

**יורם:**

פאַר געבן ליכטיקייט אַ בלינדן.

**תובל:**

פאַר געבן לאָמע פיס באַוועגלעכקייט.

**שטן:**

ווי לאַנג שוין אַז איר זענט באַגליקט?

**תובל:**

שוין איבער אַ מעת לעת.

**יורם:**

און אפשר צוויי שוין.

**שטן:**

נאָר איין טאָג גליק — און שוין האָט איר פאַרגעסן
דעם זכר פון אַ לעבן־לאַנגן אומגליק?

**יורם:**

צי מיינט דער ברודער וואַנדערער צו טאַדלען אונדז?

**שמן:**

חלילה. וואָס איך מיין, איז — איך צו לערנען
די חכמה ווי אַזוי צו זיין אַביסל שטאָלצער,
צו קוקן מיט אַ ביסל שעמעוודיקייט אויף צוריק,
און ניט נתפעל ווערן פון אַ ליאַדע שטיקל גליק,
ווי יענער בעל־יסורים, וואָס האָט אויסגעווײנט אַביסל גוטס.

**תובל:**

צי מיינט עס אַז דער האַר קומט אויך פון עדן?

**יורם:**

פון איובן, צו וועמען גאָט האָט זיך אַנטפּלעקט?

**שמן:**

פון וואַנען ווייסט איר וועגן גאָטס אַנטפּלעקונג?

**תובל:**

דעם שטורעם האָבן מיר דאָך אַלע גוט געזען.

**שמן:**

איך גאָט געזען?

**יורם:**

מיט מיינע בײדע אויפגעעפנטע אויגן.

**תובל:**

דער האַר זעט אויס צו זיין דערצאָרנט שטאַרק.

**שמן:**

ניט איר זענט די וואָס פילן און פאַרשטייען
די אַנגסט פון מיינע ווערטער, איידער זיי פאַרגייען.

**תובל:**

פאַרגייען?



**שמן:**

(מיט געשריי)

יאָ, פאַרגייען! — טעמפּע קעפּ!

**יורם:**

דער וואַנדערער באַליידיקט אונדז.

**שמן:**

טאַנצט ווייטער! ווייטער! העפּ!

**יורם:**

דעם ברודערס כעס זעט אויס ניט פאַרשטענדלעך.

(צו תובל)

אַ, תובל, קוק — אַ הויכער לויכטנדיקער מאַן
קומט אָן פון ווייטן מדבר־וועג אַהער.

**תובל:**

(קוקט אָנגעשטרענגט)

די אויגן דיינע, יורם, זעען טאַקע זייער ווייט,
און איך דערווײלע זע נאָך גאָר ניט, גאָר ניט.

**שמן:**

דעריבער טאַקע גייט אַוועק וואָס שנעלער, האַרן,
ווײל ס'אַרט ווערט פול און איבערפול מיט טויט־געפאַרן.

**יורם:**

און אויב איך האָב קיין מורא ניט?

**שמן:**

צי וויל, מיין האַר, פאַרלירן ווידער זיינע אויגן?

**יורם:**

וואָס ווייס דער ברודער וועגן מיינע אויגן?

**שטן:**

צי בין איך ניט געווען דען צווישן אלע מחנות? —
און אט קאן זיין אז איוב איז דער הויכער מאן,
ער קומט אהער מיט נייע סודות אין זיין שפאן,
מיט נייע אומגליקן, מיט נייע קללות.
איך פרעג: צי ווילן ווידער מיינע הארן
ארײנפאלן אין פינצטערע געפארן?

**יורם:**

(אין שרעק)

ס'איז איוב, איוב! איך האב מורא אים צו זען דא.

**תובל:**

אויך איך האב מורא.

**יורם:**

קום אוועקגיין שנעל.
וואס דארף ער דא, וואס קומט ער גאר אהער?

(יורם און תובל שנעל אפ. שטן קוקט זיי נאך און לאכט מיט חוזק. מיט פאמעלעכע טריט דערנענטערט זיך איוב. אין האנט א שטעקן. אויף דער פלייצע א זעקל און א לאגל. ער איז הויך, דין. זיין פנים דורכזיכטיק)

**איוב:**

(פארנייגט זיך)

געבענטשט זאל זיין מיין האר ביים זוים פון וועג.

**שטן:**

(הארט)

איך מיין ברכה זאל צונעמען דער האר.



**איוב:**

„דער" האר, און ניט „מייך" האר?

**שטן:**

צי פילט דער האר א חילוק?

**איוב:**

ניט אזוי אין ווארט,
ווי אין דער ליפן־שטייפקייט פון מיין האר.
צי איז מיין האר דערצארנט איבער עפעס?

**שטן:**

גענוג צו זאגן אז איך קום פון עוץ.

**איוב:**

אויך איך פון עוץ.

**שטן:**

צי אפשר אויך פון איובן?

**איוב:**

מיין האר, ווייזט אויס, האט איובן אין פנים ניט געזען.

**שטן:**

צי זאל עס מיינען אז איך זע אים איצט?

**איוב:**

אויב וואוילגעפעלן ס'איז מיין האר צו מיינען.

**שטן:**

און איך האב גאר געמיינט אז ער איז עלטער,
און ניט אזוי צעלויכטן און צעפלאכטן.

**איוב:**

פארוואס, מיין האר, אזא מין בייזע שטעכיקייט —
אז ווערטער זאלן צאפלען זיך ווי אין א פיבער?

**שטן :**

דער האַר, וויזט אויס, איז שטאַרק געניט אין פיבער
נאָך לאַנגע טעג פון קרעציקע יסורים.

**איוב :**

וואָס וויל פון מיר דער האַר אין מיטן וועג?
וואָס טרייסלט ער אַזוי צעכעסט מיט זיין שטעקן?
דער האַר קאָן ווייטער גיין זיין וועג. איך שטער אים ניט.

**שטן :**

דער האַר האָט שוין געשטערט.

**איוב :**

געשטערט? מיט וואָס?

**שטן :**

מיט קומען מיר אין וועג.

**איוב :**

צי איז דער וועג דעם האַרס?

**שטן :**

איך האָב אַן אַנדער וועג אין זינען, אַלטער האַר.

**איוב :**

פאַרשטעלטע רייד, — און איך פאַרשטיי זיי ניט.

**שטן :**

ניט איך בין דער פאַרשטעלטער, נאָר דער אַלטער האַר —
דער אויסגעצויגענער, דער דינער, דער צעלויכטענער.
דער האַר האָט מיר פאַרשאַפט פאַרדראָס און היזק
מיט זיין נאָר שילטן ז י ך און ניט דעם בורא־עולם.
דער אַלטער האַר האָט מיך געמאַכט צום נ אַ ר.

**איוב :**

איך טרעף ניט וואָס עס מיינט דער פרעמדער האַר.



**שטן :**

איך דאַרף ניט אַז דער אַלטער האַר זאָל זיין אַ טרעפער.
אַן אייגענער בין איך און ניט קיין פרעמדער.
אַן אייגענער — אַ פולער שותף צום באַשעפער.

**איוב :**

דער האַר זעט אויס צו זיין ניט אַנדערש ווי אַ לץ.

**שטן :**

אַ העזה מיך זאָל לעסטערן אַ מאַן פון קרעץ.

**איוב :**

(וויל זיך לאָזן גיין ווייטער)

**שטן :**

(פאַרשטעלט דעם וועג)

דער דינער האַר, דער אויסגעפרואוטער זקן
איז ווערט איך זאָל אים געבן איבערן קאָפּ.

(הייבט אויף זיין שטעקן)

**איוב :**

(טרעט אָפּ אַהינטער)

דער האַר מוז מאַכן דאָ אַ טעות, צי אַ בייזן שפּאַס?

**שטן :**

ניט טעות און ניט שפּאַס, נאָר וואָדער ערנסט.
ניט איך בין דער וואָס קאָן פאַרליידן דורכפאַל,
וויל שולדיק איז דער ווײ־געפרואווטער ש ט ע נ ד י ק.
דעריבער אויב דער האַר האָט זיך אין טאָג פון ווײ
געהאַלטן פרום, און ניט געלעסטערט גאָט, —
באַדאַרף ער טאָן עס איצט אין טאָג פון וואויל,
ווען אַלע אברים זיינע גייען־אויף אין פרייד.
גראָד א י צ ט באַדאַרף ער לעסטערן.

איוב:

פאַרוואָס גראָד איצט?

שטן:

ווייל א י ך  באַדאַרף עס! גאָט אַליין באַדאַרף עס!
דער האַר דאַרף שילטן גאָט ערשט  א י צ ט.
ער דאַרף דערביי זיך מודה זיין, אַז אויך אין טעג
פון שוויגן שטום האָט ער געלעסטערט גאָט,
געלעסטערט אין פאַרבאָרגעניש פון האַרץ.

איוב:

איך ווייס ניט וואָס די ווערטער פון דעם האַר באַטייטן,
איך ווייס דאָך ניט אפילו ווי מען רופט דעם האַר,
און ווער ער איז.

שטן:

מיין נאָמען איז ניט וויכטיק.
וואָס שטייט דער האַר און מאַכט פאַר זיך אַ צייכן
דורך זיינע ווייסע הענט פאַרהייבענע צום אָוונט־שיין? —
וואָס וויל דער האַר מיט זיינע הענט דערגרייכן,
ווען אַלע פאַלדן פון זיין קלייד אין ווינט צעפליען?
וואָס וויל דער פלאַטער פון זיין קלייד? — צי מיינט דער האַר
אַז איך זאָל פאַלן אויף די קני פאַר אים צו קניען?
צי מיינט דער האַר אַז גאָט אַליין זאָל פאַלן אויף די קני פאַר אים?
וואָס זע איך אינעם קוק פון זיינע פייער־אויגן?
צי זע איך טויט אין זיי? צי זע איך גאָט אין זיי?
צי זע איך זיך אין זיי? — צי אפשר אַלץ אינאיינעם?
וואָס שטייט דער האַר און ענטפערט ניט אויף מיינע שאלות?
פון וואַנען האָבן אים די פיס געבראַכט אַהער
נאָך אַלע זיינע טויט־יסורים און נסיונות?

איוב:

איך ענטפער, ווען אפילו איך באַדאַרף ניט ענטפערן
אויף רייד פון יעדן צופעליקן און פרעמדן פרעגער,



נאָר אין מיין וואָגל־גאַנג, וואָס כ'הייב ערשט אָן,
איז מיר אַלץ איינס פון וועמענס מויל עס קומען ווערטער,
אפילו ווען די ווערטער זיינען שטעכיקע און בייזע.
איך נעם אַלץ אָן פאַר ליב ביים אָנהייב פון מיין וואַנדערן.

שטן:

ווען איך פאַרענדיק וואַנדערן?

איוב:

קיין שייכות איינס צום אַנדערן.
דער האַר איז סיי ווי סיי מיר ניט אין וועג,
און גאָט אַליין טוט מיך באַשיצן און באַגלייטן.

שטן:

דער האַר איז זיכער? — זאָל ער זיך אַזוי ניט גרייסן,
און זאָל ער בעסער צו זיין טויט זיך ווידער גרייטן,
ווייל אָט־אָ גיב איך אים איין זעץ נאָר איבערן קאָפּ
און לעכער דורך זיין האַרטן ווייסן שאַרבן,
ווייל גאָט אַליין קאָן וועלן אַז דער האַר זאָל שטאַרבן.

איוב:

ניט אַנדערש אַז דער בייזער פרעמדער גייט אַראָפּ פון זינען,
ווייל זיינע ווערטער זיינען פול מיט האַס און אומזין.

שטן:

דער האַר זאָל ניט דערווידערן, ניט רעדן מיר אַנטקעגן.
ס'האָט גאָט דער האַר מיר, לכתחילה, אָנגעזאָגט
צו שאַנעווען דיין לעבן, אָבער איצט, קאָן זיין,
אַז כ'האָב רשות צו איבערשפּאַלטן דיר דיין שאַרבן,
און דו זאָלסט טאַקע שטאַרבן, טאַקע שטאַרבן.

(ער פאַרמעסט זיך מיט זיין שטעקן איבער איובס קאָפּ. אין דער
רגע צעטראָגט זיך איבערן שטן אַ בליץ. איין הרף־עין.

ביידע, איוב און שטן, פאַלן צו דער ערד.

שטן, געטראָפן פונעם בליץ, נעמט זיך פונאַנדערטיילן און פאַר־וואַנדלט זיך אין אַ פונאַנדערגעשפּרייטן דאָרן־קוסט, ווערט אַריינגעטיפּט אין דער ערד ניט ווייט אַהינטערן שטיין.

אברהם קומט אָן פון דער צווייטער זייט, איילט צו צו איובן.

איידער נאָך ער קומט צו, הייבט איוב אויף אַביסל דעם קאָפּ.

אברהם העלפט אים אויפשטעלן זיך און האַלט אים אונטער.

ביידע זקנים קוקן זיך אָן.

**אברהם:**

איך האָב געזען דאָס פאַלן פון מיין האַר,
און אויך געהערט זיין אויסגעשריי אין פייער־בליץ.
דאָס האַרץ האָט מיר געזאָגט — איך זאָל וואָס שנעלער
אַנטקעגנגיין מיין האַר און אים מקבל פנים זיין.
דער הימל איז אַ גאַנצן טאָג געווען פאַרוואָלקנט,
און אָט צו אָוונט ווערט ער אויסגעלייטערט.

**איוב:**

(נויגט זיך סיף)

מיט וואָס פאַרדין איך אַזאַ גוטסקייט, אַזאַ וואַרעמקייט?
אַז אָט בין איך דאָך, שיעור ניט, טויט געלעגן
אַ צוגעפאַלענער צום שאַרף פון האַרטן שטיין;
אוי, וויפל מאָל שוין אַז מיין לעבן הענגט ווי אויף אַ האָר,
אוי, וויפל מאָל שוין, — רחמימדיקער, גוטער האַר.

**אברהם:**

דער דורכגעשניטענער בליץ — גאָטס צייכן,
דער אויפגעשטאַנענער האַר — גאָטס קנעכט.
איך ווייס פון אַלץ, — דורך יורמען און תובלן;



מיין גוטער האַר, מיין גוטער גאַסט, זאָל זיין געבענטשט;
ער ברענגט אודאי מיר אַ גרוס פון יצחקן מיין זון.

**איוב:**

(אין גרויס התפעלות)

אברהם, יצחקס פאָטער? — אַ געבענטשט זאָל זיין
דער הייסער מדבר־וועג וואָס האָט מיך צוגעפירט
צו די געצעלטן פון מיין גאָטספאָרכטיקן האַר.

(קוקט זיך אַרום)

געווען אַ מאַן דאָ לעבן מיר — אַ בייזער און אַ קריגער,
געהויבן איבער מיר זיין שטעקן.

**אברהם:**

דאָ אַ מאַן? — מען זעט ניט קיינעם.

**איוב:**

אַ וואונדער? צי אַ חלום?

**אברהם:**

זאָל מיין גוטער אורח
זיך אָפּקערן צו מיר אין מיין געצעלט אויף אָפּרו.

**איוב:**

גאָטס ליכטיקייט זאָל שטראַלן אויף מיין האַר,
און זאָל זיין פאָטער־האַרץ ניט ווערן אַזוי אומרואיק
וואָס יצחק זאַמט זיך ערגעץ נאָך אין וועג.
אַ ליכטיקער, אַ טייערער —

**אברהם:**

מיין איינאונאיינציקער.

**איוב:**

איך האָב אים ליב געקראָגן ווי אַ זון. נאָך אפשר מער.
דאָס גוטע פאָטער־האַרץ זאָל מיר פאַרגינען.

**אברהם:**

אודאי. אָבער צייט שוין ער זאָל אָנקומען.
שוין גאַנצע פינף מעת־לעת אים ניט געזען.
אין גאָר מיין בענקשאַפט טרוי איך אָן מיין האַרץ
אין חסד־האַנט פון גאָט, וואָס היט און שיצט מיין זון.

**איוב:**

אַ זכיה און אַ פרייד צו זען אַזאַ בטחון.

**אברהם:**

מיין גוטער האַר איז, דוכט מיר, פול מיט טרויער.

**איוב:**

מיין אייגענער געיאָמער הילכט נאָך איבער מיר,
ער קלינגט מיר נאָך אין מיינע בידע אויערן.

**אברהם:**

(אין ווייכן מיטלייד)

מסתמא ניט געקאָנט פאַרמידן. —

**איוב:**

(אַנגסטיק)

ניט געווען בכוח.

אַז אַנדערער וואָלט אפשר יאָ פאַרמידן.
אַז אַנדערער וואָלט זיינע ציין אַזוי פאַרביסן,
אַז קיין שום קרעכץ וואָלט זיך דורך זיי ניט דורכגעריסן,
און גרויל־געוויין און שילטן זיך אַליין — אודאי ניט.

**אברהם:**

איז אפשר בעסער ניט צו רעדן וועגן דעם אין דער מינוט?

**איוב:**

אַז גאָט דער האַר האָט מיך באַוויליקט מיט זיין צוטרוי,
גערעדט צו מיר דורך פייערן פון שטורעם,



פאַרגייט אין מיר ערשט איצט מיין האַרץ אין בענקשאַפט
נאָך צייכנס פון זיין פאָטערלעכן חסד,
און מערער נאָך — אין שאַרפן טרויער פון חרטה,
ווען איך דערקען מיין גרויסע זינד — מיין שוואַכקייט.
עס קאָן דאָך טאָקע זיין אַז איינעמס לייב
זאָל ממש ליגן אויף אַ פייער, אין אַזוינע טויט־יסורים
אַז מיינע וואָלטן זיין אַ שפּיל אַנטקעגן זיי, —
פונדעסטוועגן זאָל ער זיין שטאַרק גענוג און גלויביק
צו אויסהאַלטן, צו ניט אַרויסווייזן קיין סימן שרעק,
און ביזן לעצטן אָטעם־צוג קיין איין געשריי ניט געבן.
און אויב שוין יאָ — איז אַ געשריי פון לויב צו גאָט
פאַר צוטיילן דעם מענטש די זכיה פון דערהייבענעם נסיון.
און איך? — איך האָב קיין כח ניט געהאַט דערויף.

**אברהם:**

מיין גוטער האַר און גאַסט איז צופיל זיך מצער.

**איוב:**

נאָר זיבן טעג האָב איך געדולדיק אויסגעהאַלטן.
וואָס זיינען אָבער זיבן טעג פון לייב־יסורים
אַנטקעגן איין מינוט נסיון פון עקידה?

**אברהם:**

(מיט אויפּציטער)

איך בעט מיין גוטן גאַסט ניט רעדן, ניט דערמאָנען.

**איוב:**

ס׳האָט יצחק מיר פון אַלץ דערציילט.

**אברהם:**

כ׳בעט נאָכאַמאָל — קיין וואָרט ניט וועגן דעם!

**איוב:**

איך פאָלג מיין האַר, און — כ׳רעד נאָר וועגן זיך:

כ'האָב אָנגעוואָרן אַלע מײַנע קינדער. אַלע.
אפילו ניט געוועזן מיט זיי בײַ זייער אומקום.
זיי זײַנען מער ניטאָ. זיי קערן זיך ניט אום.
זיי ליגן אַלע אויסגעמישט מיט אַש פֿון שׂרפֿות.
ווי גליקלעך וואָלט איך זײַן, ווען איך וואָלט איין קינד כאָטש
אַליין מיט מײַנע הענט געפֿירט צו גאָטס מזבח.

**אברהם:**

מײַן גוטער גאָסט זאָל זײַן געטרייסט,
און אויב איך האָב רשות וואָלט איך געפֿרעגט:
וואוהין האָט זיך מײַן גוטער האַר געלאָזט?

**איוב:**

צו וואַנדערן. וואָס ווײַטער פֿון מײַן חורבן־היים.

**אברהם:**

וואוהין?

**איוב:**

אין גרויסער וועלט אַרײַן, אין וואָגל־וועלט.

**אברהם:**

וואָלט זײַן מײַן עצה צו מײַן גאָסט אַזוי צו זאָגן:
נעם קער זיך אום צוריק צו דײַן געבורטלאַנד,
און ריײניק אָפּ דאָס וויסטע אָרט פֿון אומגליק,
שטעל אויף צוריק די חרובֿע געצעלטן,
און אָקער אויף צוריק די אָפּגעברענטע פֿעלדער,
און פֿלאַנץ אויפֿסנײַ דײַן ווײַנשטאָק און דײַן פֿײַגנבוימס,
און ברענג צענויף דעם איבערבלײַב פֿון דײַנע פּי,
און גאָט וועט זײַן מיט דיר און מיט דײַן מי.

**איוב:**

צי זאָל איך אויסזאָגן מײַן גוטן האַר, אַז יצחק
האָט גראָד גערעדט צו מיר פֿון וואַנדער־טעג?



**אברהם:**

געמיינט האָט ער געוויס די טעג פֿון ווײַטן שפּעטער.
אויך מ ײַ ן אויג זעט זיי אין דער טיף פֿון דורות,
אין וואַנדערונג פֿון מײַנע קינדער איבער גאַר דער ערד,
אין זייער זוכן לײַטערונג און אויסדערוויילטקייט
אין גלותן, און אין צוריקקערונג פֿון גלותן.
ביז יענע דורות וועלן אָנשטיין — זאָל דערווײַל מײַן גאָסט
זיך אומקערן צוריק צום אָרט פֿון זײַן געבוירן.

**איוב:**

איז אויך מײַן גאָטפּאַרכטיקער האַר אויף זײַן געבורטלאַנד?

**אברהם:**

צו מיר האָט גאָט גערעדט אַזוי צו זאָגן:
פֿאַרלאָז דײַן אָפּשטאַם און דײַן פֿאָטערס הויז
און גיי צו יענעם לאַנד וואו איך וועל דיר באַווײַזן,
און וואו איך וועל דיך מאַכן פֿאַר אַ גרויס פֿאָלק.

**איוב:**

צו מיר האָט גאָט אַזוינע ווערטער ניט גערעדט.
צי וועל איך ווען אויך זוכה זײַן אַזוינס צו הערן?

**אברהם:**

מײַן האַר זאָל גיין צוריק צו זיך און — וו אַ ר ט ן.
יאָ, יאָ — געדולדיק וואַרטן. וואַרטן.

**איוב:**

איך פֿאָלג מײַן גוטן האַר און — פֿרײַנד.
די ווערטער זײַנע פֿילן אָן מײַן האַרץ מיט טרייסט
און מיט דערמוטיקונג.

(איז גרייט גלײַך צו פֿאַרקערן זיך אין וועג אויף צוריק)

**אברהם:**

מיין האַר איז הונגעריק געווים,
פֿאַרבעט איך אים אין מיין געצעלט צו זיין מיין אורח
ביז איבער נאַכט, און אויך צו אונטערלענען זיך דאָס האַרץ.

**איוב:**

אַ דאַנק, מיין האַר, כ'האָב ברויט אין זאַק און וויין אין לאָגל;
אויב גיין צוריק — זאָל ניט פֿאַרזאַמט זיין קיין מינוט.
די זון פֿאַרגייט שוין באַלד, דער וועג אָבער איז ליכטיק,
דער אָונט נאָכן וואָלקנדיקן טאָג וועט זיין אַ לויטערער.
זאָל רוען שלום און גאָטס ברכה אויף מיין האַר
און אויף זיין אויסדערוויילטן זון — אויף יצחקן.

(אָפּ מיטן וועג אויף צוריק. אברהם קוקט אים נאָך)

**אברהם:**

ס'איז ווידער העלער אָונט אויף דער ערד
און דיינע וואונדער גייען אויף ווי שטערן,
די וויטיק־רייד, וואָס כ'האָב נאָר וואָס געהערט,
ווערסטו געוויכ אין דיין גענאָד דערהערן.

דערבאַרעמדיקער, עפֿן אויף פֿאַר זיי
די טויערן פֿון אַלע הימלען דיינע, —
נאָך אַלץ איז דאָ אין זיי פֿאַרשטיקט געשריי,
נאָך אַלץ איז דאָ אין זיי געוויין פֿון טענה.

ביז וואַנען וועט די טענה ביטער זיין? —
זאָל קומען פֿולע שלווה אויף איר טרויער.
לייז אויס דעם ליידנדיקן פֿון זיין פּיין
און פֿון זיין נאָכגיין זיך אַליין אין לויער.

אָן שפּאַנט ער, דער יסורימדיקער מאַן —
און ס'הוידען זיך אויף אים זיין זאַק און לאָגל,
פֿיל אָן מיט קראַפֿט זיין מידן שפּאַן,
גלעט אויס די מדבר־זאַמדן פֿאַר זיין וואָגל.



אָז איך האָב שוין דעם צייכן פֿון דיין בונד
געזען אין וואונדער אויף מוריהס שטיינער,
זאָל וואונדער מער ניט אָנצינדן קיין וואונד
אויף קיינעמס ווייסן לייב, אויף קיינעמס ביינער.

דער ליידנדיקער איז שוין ווייט אַוועק,
און וואו ביסטו, עקידה־זון דו מיינער?
צי ביסטו אַלץ נאָך ניט באַפֿרייט פֿון שרעק,
צי ביסטו אַלץ נאָך אין דיין צער אַ טענה'ער?

איך קוק נאָך דיר די אויגן מיינע אויס,
איך גלעט איעדן שטיין, איעדן דאָרן,
איך הער פֿון אומעטום דיין קול אַרויס
און כ'בענטש, מיין זון, דעם טאָג פֿון דיין געבאָרן.

(אָפּ צו דער ריכטונג פֿון זיינע געצעלטן. לאַנגע פּויזע. עס
קומט מיטן מדבר־וועג יצחק. ער איז פֿאַרמאַטערט. זעצט זיך
אויפֿן שטיין)

**יצחק:**

צוריק ביים זוים פֿון טאַטנס פֿעלדער,
אין גאָלד פֿון אָונטיקער שיין,
אַ לויב איך, רואיקע געצעלטן,
וואו יעדער קאָן אַן אורח זיין.

איך נויג מיין קאָפּ צו דיינע זעמדער,
געדרייטער מדברדיקער וועג,
וואו ס'ליגן טיף די שאַרפֿע צייכנס
פֿון אַל־נסיונידיקע טעג.

פֿאַר איך, באַרוטע ווייסע שטיינער,
און אויך פֿאַר דיר, מיין דאָרנקנויל,
אַנטפּלעקן וועלן זיך אינגאַנצן
די הייסע ווערטער פֿון מיין מויל.

דערווײַלע בין איך פֿול מיט שווײַגן,
מיט וואונדער פֿון געוויין און גליק —
אין זשאונג פֿון מײַן יונגן גורל
דורך נצח פֿון באַשעפֿערס בליק.

און וויפֿל איך האָב ניט געטרויערט
אין אַנגסט פֿון מײַן און מענטשנס פּײַן,
פֿאַרנעם איך נאָכאַמאָל, באַשעפֿער,
דײַן גזר וואָס איז אין מיר אַרײַן.

דײַן גזר צו זען די שאַרף פֿון מעסער,
כּדי צו וויסן וואָס עס מײַנט
אַ האַלדז אין פֿײַנלעכן געצאַפּל,
אַ ליפּ אַן איוב'שע, וואָס וויינט.

פֿאַר איך, געצעלטן פֿון באר־שבֿע,
ביים ברונעם מיטן שטייך־פֿאַרנעם
אַנטפּלעקן זאָלן זיך אײַנגאַנצן
די הייסע טראָפּנס פֿון מײַן ברעם.

(מיטאַמאָל אין חידוש)

אַ זע, ווי קומט אַהער אַזאַ מין דאָרנבוש ?
אַזוינע שאַרפֿע, לאַנגע נאָדל־שפּיצן ? —
דאָס ערשטע מאָל צו זען זיי דאָ אויף אונדזער פֿעלד.

(באַקוקט די אַלטע בושעס און ביימלעך, באַרירט מיט די פֿינגער
די דערנער פֿונעם נײַעם בוש)

איך קען, דוכט זיך, אַיעדעס ביימל דאָ, אַיעדעס גרעזל.
ווי קאָן עס זײַן — אין איינע פֿינף מעת־לעת
זאָל אויסוואַקסן אַזאַ פֿאַרדרייטער קנויל. —
נאָר צוגערירט זיך און — שוין בלוט אויף מײַנע פֿינגער!

(גייט אָפּ. זעצט זיך צוריק אויפֿן שטיין)



די ערד אַלײַן, ווײַזט אויס, וויל ווערן
פֿון אינוויינעניקסטער אַנגסט באַפֿרײַט,
צעעפֿנט זי איר האַרץ, און גאָר איר ווילדוויי
אַרויסגעאָטעמט ווערט אין שנעלסטער צײַט.

דער ווילדוויי אָבער קלאַמערט זיך אין באָדן
און שטעכט מיט שטעך אַזוי ווי מיט אַ שווערד;
איז גוט ווען הענט פֿון טרײַע זייער
פֿאַרטיפֿן אַקער־צײַנער אין דער ערד.

זיי רײַסן אויס די דערנער־קאָלטנס
און פֿלאַנצן אײַן אין ווייכער בייט
אַ ווײַנגאָרטן, און ווייץ און קאָרן,
ביז גאָר די ערד ווערט גרין פֿאַרזייט.

אויך מײַן האַרץ עפֿנט זיך, און גאָר מײַן טרויער
וויל ווערן אָפּגעשיידט פֿון מיר, און — ווערט.
אַ טראָג זיך, טרויער מײַנער, טראָג זיך
צו ווײַטקייטן וואָס העכער פֿון דער ערד.

(לאַנגע פּויזע)

צו דיר, מײַן גאָט, אָט קום איך ווידער
אין שטיל־געבעט צו תּפֿילה טאָן;
דער אָוונט שפּרייט אויס זײַנע פֿליגל
ווען ערשטער שטערן צינדט זיך אָן.

מײַן טאַטע וואַרט אויף מיר אין אוהל,
ער קוקט די אויגן אויס נאָך מיר,
נאָר איך פֿאַרזאַם זיך, כּדי צו שפּירן
פֿון דײַנע פֿליגל דעם באַריר.

וואָס זאָל איך טאָן אַז איך זאָל קאָנען
צוזאַמענוואַקסן מיטן גראָז,
וואָס שפּרייט זיך איבער דײַנע פֿעלדער
און זינגט צו יעדן ווינטל־בלאָז ?

וואָס זאָל איך טאָן אַז איך זאָל קאָנען
אַ וויג טאָן זיך מיט בײדע קני,
און צופֿאַלן מיט פֿרײד און קניען
צו יעדן זעמדעלע פֿון הי?

דער מאַמעס אָטעם זאָל אַ שוועב טאָן
אויף גאָר דעם פּנים פֿון דער ערד,
און דו, מײן גאָט, זאָלסט מיר אַנטפּלעקן
אַז אויך מײן קול האָט זי דערהערט.

(ס׳באַווײזט זיך די געשטאַלט פֿון שרהן)

שרה:

דײן קול, מײן זון, האָב איך פֿאַרנומען,
און זע, אָט שטײ איך לעבן דיר,
דערנענטער זיך צו מײנע אָרעמס
און פֿיל מײן וואַרעמען באַריר.

יצחק:

(אויפֿגעציטערט)

אַ מאַמע מײנע, צי ס׳איז אמת?
צי זע איך טאַקע דײן געשטאַלט? —

שרה:

אַוודאי אמת, ווי ס׳איז אמת
דײן שײנקײט וואָס איך זע צעשטראַלט.

יצחק:

פֿון דיר די שטראַלנדיקײט, מוטער,
פֿון דיר די שײנקײט. — שוין דרײ יאָר
ווי טאָג און נאַכט אַז כ׳טו דיך רופֿן
צו זען דײן פּנים אויף דער וואָר.



שרה:

איז בין איך דאָך געקומען, יצחק,
אין רגעס ווען דו קערסט זיך אום
נאָך אַלע דײנע צער־נסיונות
צוריק אַהײם, און כ׳נעם אַרום
דײן קאָפּ און גלעט דיר דײנע באַקן
ווי גאָר אַמאָל, ווי גאָר אַמאָל,
ווען איך האָב דיך, אַ קינד, געוויקלט
אין וויקעלעך פֿון ווײסן וואָל.

יצחק:

הײנט בין איך שוין קײן קינד ניט, מוטער,
און דאָך איז אַלץ נאָך מײן געבעט:
זאָל קײנמאָל זיך פֿון מיר ניט אָפּטאָן
דײן הײסער אָטעם און דײן גלעט.

און וויסן זײ, צו דײן נחמה,
אַז גזר קומט אָן און גײט אַוועק:
אין יענער שעה פֿון דער עקידה
כ׳בין אָפּגעקומען נאָר מיט שרעק.

דאָס מעסער האָט מיך ניט געשאָכטן,
דאָס פֿײער האָט מיך ניט געברענט,
און דו אַלײן — ביסט ניט געשטאָרבן
וויבאַלד מיך גלעטן דײנע הענט.

שרה:

אַ גליק אַזוינס פֿון דיר צו הערן,
דערצײל מיר נאָך און מער, דערצײל. —
פֿאַרוואָר, ס׳איז ווערט געווען מײן אויפֿשטײן
פֿון שלאָף אין מײן מכפּלה־הײל.

כ׳זאָל קומען, יצחק, דיר אַנטקעגן
אין אָט דער העלער וואונדער־שעה,

ווען דיינע ליפּן זאָלן זאָגן
אַז י ע נ ע ר גרויל איז מער ניטאָ.

איז גרויס מיין טרייסטונג ווי מיין שמחה
וואָס דו ביסט ניט פאַרברענט, — אַז וואויל!
איצט קאָן איך אומקערן זיך רואיק
צוריק צו מיין מכפּלה־הייל.

**יצחק:**

פאַרוואָס צוריק? אַ מאַמע מיינע,
דער עלנד לויערט ווידער שאַרף, —
צי זעסטו ניט ערשט איצט ווי נייטיק
דיין אָוונט־טרייסטונג איך באַדאַרף?

**שרה:**

די טרייסטונג קומט. הייב אויף די אויגן,
שטעל אָן דיין אויער, קוק און האָרך —
צי הערסטו וואָס? צי זעסטו וועמען
דורך וואָלקן־שטויב, דורך זאַמדן־שאַרך?

**יצחק:**

גערויש פון טריט, געהילך פון שפּאַן —
איך הער, איך זע אַ קאַראַוואַן.
אַ בערגל איין, אַ בערגל אויס —
ווער קומט פון וואָלקן־שטויב אַרויס?

**שרה:**

קוק איין זיך גוט מיט בײדע אויגן,
און הער ווי קעמלען קומען אָן,
און זע — אויף איינעם וויגט זיך רבקה
אין כלה־קליידער אָנגעטאָן.

און אַז ס'איז רבקה, — זאָלסטו זאָגן:
דעם שלייער־צודעק נעם אַראָפּ,



ווייל אויך פון דיר דער טרויער־שלייער
אין ליכט פון חסד טוט זיך אָפּ.

(געשטאַלט פון שרהן אָפּ.

אויף זייערע קעמלען קומען אָן רבקה און אליעזר. אליעזר, דערזעענדיק יצחקן, שפּרינגט אַראָפּ פון קעמל. לויפט פריידיק צו צו אים)

**אליעזר:**

מיין האַר, ווי גרויס מיין שמחה
וואָס דו באַגעגנסט אונדז. איך האָב די גאַנצע צייט
געטענהט צו דער האַרינטע אַז זי זאָל פריידיק זיין,
פאַראויסגעזאָגט אַז אונדזער האַר, דער גוטער יצחק,
וועט אויף געוויס אַרויסקומען אַנטקעגן
מקבל פּנים זיין די האַרינטע — זיין כלה.
איז טאַקע וואויל געשען ווי כ'האָב פאַראויסגעזאָגט.
און איצט זאָל אויפהייבן מיין האַר זיין קול פון ברכה
און בענטשן רבקהן, בתואלס טאָכטער.

**יצחק:**

געבענטשט זיי, טאָכטער פון מיין פאָטערס ברודערס זון,
געבענטשט זיי, רבקה, וואָס דו קומסט אַריין אין אונדזער גבול,
אין שיצונג פון מיין פאָטערס פרידלעכע געצעלטן.

**אליעזר:**

די האַרינטע זאָל איצט אַראָפּנעמען איר שלייער
און אויפדעקן איר שיין און ליכטיק פּנים.

**יצחק:**

זאָל וואויל געפעלן זיין מיין האַרינטע צו טאָן אַזוי,
אויב נאָר איך האָב געפונען חן אין אירע אויגן.

**רבקה:**

דער האַר, דער גוטער יצחק, ווי אליעזר רופט אים,

רער נאָנטער און דער אייגענער צו מיין משפּחה־שטאַם,
האָט יאָ געפונען חן אין מיינע אויגן.

(דעקט אויף איר פּנים)

**יצחק:**

געבענטשט זיי, האַרינטע, אין אויפלויכט פון דיין פּנים.

**רבקה:**

מיין האַר זעט אויס געראָטן אינעם מאַן־געשטאַלט,
וואָס האָט גערעדט צו אונדז אין מדבר־שטורעם.
ניט אמת, אליעזר?

**אליעזר:**

נאָר אַ דוכטעניש געווען.

**רבקה:**

אַ דוכטעניש? — דער קול אפילו פונעם מאַן אין שטורעם
האָט אָפּגעקלונגען ווי דער קול פון אונדזער האַר.

**יצחק:**

דער קול איז ניט געווען קיין דוכטעניש.

**אליעזר:**

און אַלץ וואָס אונדזער אויער האָט געהערט?

**יצחק:**

אפילו אַלץ וואָס אונדזער אויג האָט צוגעזען.

**אליעזר:**

און ווי די האַרינטע האָט אין איר שרעק געוויינט —?

**יצחק:**

אויך דאָס האָב איך געהערט.

**רבקה:**

מיין האַר זאָל מיר פאַרגעבן.



**יצחק:**

פאַרגעבונג בעטן דאַרף ניט קיינער ווי נאָר איך
פאַר אויסשפּרייטן די זעאונג פון מיין אַל־נסיון
אויף גאָר דער ערד, אויף אַלץ וואָס לעבט און אָטעמט,
און אויך אפילו אויפן שטיין און אויפן זאַמד פון מדבר. —
און איצט זאָל וואויל געפעלן זיין מיין אויסשטרעקן די הענט
מיט שמחה צו דעם אָנקום פון מיין האַרינטע.

**רבקה:**

אָט שטרעק איך אויס אויך מיינע הענט.

(ווי זי טוט עס, גיט זי זיך אַ גליטש אַראָפּ פון איר אָרט אויפן קעמל, שיעור ניט ווי אַראָפּצופאַלן. אליעזר כאַפּט זי אונטער און זעצט זי צוריק אַרויף. אויך יצחק האָט זיך אַ לאָז געטאָן צו אונטערהאַלטן זי. רבקה פאַרדעקט זיך צוריק מיט איר שלייער)

**אליעזר:**

זאָל אויך מיין האַר זיך זעצן אויף מיין קעמל.

**יצחק:**

פאַרנעם צוריק דיין אָרט ווי ביז אַהער, און פיר אַריין
די האַרינטע אין גבול פון אונדזערע געצעלטן,
און איך וועל גיין צופוס, ווי ס'איז מיין שטייגער.

**רבקה:**

מיין האַר וועט גיין פאַראויס פון אונדז?

**יצחק:**

איך מיין אַז אליעזר ווייס דעם וועג.

**רבקה:**

מיין האַר זאָל סיי ווי סיי אונדז גיין פאַראויס.

**יצחק:**

אין דער מינוט, מיין האַרינטע, גיי דו פאַראויס,

און איך וועל נאָכקומען די שפּאַן־טריט פון די קעמלען,
און בענטשן גאָט פאַר צוברענגען מיין האַרינטע
צו די געצעלטן פון מיין מוטער שרה.

(רבקה און אליעזר לאָזן זיך אַוועקרייטן. יצחק גייט מיט שטילע טריט נאָך, זאָגנדיק אין טאָן פון געבעט)

מיין תפילה אין דער שעה
ווען כ׳טו דיין גנאָד דערקענען,
ווען רבקה איז שוין דאָ
איך זאָל צו איר געגענען.

צו הייליקן דאָס אָרט —
צעעפן אַלע שטערן;
פון פרייד דאָס שטילע וואָרט
מיין מוטער זאָל דערהערן.

אָ שרה, מאַמע מיין,
פון קרבן־גזר געטראָפן, —
גיי־אויף אין רבקהס שיין
ווען שטערן זיינען אָפן.

צעעפן מער נאָך, גאָט,
אין פרישן ג־אָז דיין שפע,
און בענטש און שיק מיין טראָט
אויף פעלדער פון באר־שבע.

מיין טראָט — אין שפור פון טריט
צו גורלשער עליה, —
באַשיץ מיך און באַהיט
ווי ד ע מ אָ ל ט אויף מוריה.

1953—1950

# ווערק פון ה. לייוויק

## לידער

הינטערן שלאָס — 1918
אין קיינעמסלאַנד — 1923 (וואַרשע)
שניי אַראָפּגעפּאַלענער — 1925 (מאָסקווע)
דורך זיבן טויטן — 1926 (קיעוו)
נייע לידער — 1932
לידער פון גן־עדן — 1937 (שיקאַגאָ)
געזאַמלטע לידער — 1940
אין טרעבלינקע בין איך ניט געווען — 1945

## דראַמאַטישע ווערק

די קייטן פון משיח — 1908
דאָרט וואו די פרייהייט — 1912
דער גולם — 1921
שמאָטעס — 1921
אַנדערש — 1922
די אָרעמע מלוכה — 1923
באַנקראָט — 1924
שאָפּ — 1926
הירש לעקערט — 1927
קייטן — 1929
די גאולה־קאָמעדיע — 1932
די עקידה — 1933
דער פּאָעט איז געוואָרן בלינד — 1934
סדום — 1935
אבעלאר און העלואיז — 1935
ווער איז ווער ? — 1938
נס אין געטאָ — 1944
מהר״ם פון רוטענבערג — 1944
מיט דער שארית הפליטה (רייזע באַשרייבונג) — 1947
די חתונה אין פערנוואַלד — 1949
גזר — 1952
אין די טעג פון איוב — 1953

